ל. קוויטקאָ

# געזאנג פון מײַן געמיט

*(1941—1946)*



אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס". מאָסקווע 1947

# א שמועס וועגן וואָרט

מיך פירט מײַן פרײַנט, דער העלד פון פיל געשלעגן,
ער עפנט אוף מערכאקים מיר אנטקעגן,
און ערד, וואָס איז אָקאָרשט מיט בלוט דאָ אָפּגעגאנגען.
— דו שטייסט שוין, — זאָגט ער מיר, —
פיל יאָרן אין געראנגל
מיטן מאלעך יידיש-לאָשן,
געזען האָסטו, ווי אומרעכט כאפּט באַם גאָרגל דעם גערעכטן,
און מאן, און ווײַב, און קינד, און גרײַז ער פירט צום שעכטן,
געזען, ווי ס׳האָט דער ברוינער טײַוול זייער מארך געדראָשן,
און שיר אליין דערשטיקט פון גרימצאָרן און ווייטעק,
דו ווייסט, דו ווייסט, ווי דרינגענדיק דאָס וואָרט איז נייטיק.
דו זעסט, די שיינקײַט פון דער מי, די הענט, די בליקן,
דו זעסט, סע פורעמען, געשטאלטן זיך, פארלאנגען,
דו זעסט דעם שטאָלענעם אזשור פון עלעקטראָ-סטאנציעס און בריקן,
דו זעסט די נאפט-ראיאָנען אין די מאקינטאָשן, —
און ווו איז דײַן געזאנג פון די געזאנגען,
וואָס דו האָסט אויסגעקעמפט באַם יידיש-לאָשן?! —

זײַן אָפּגעברענט געזיכט, דאָס געבייניקטע און שווערע,
קוקט פרײַנטלעך-שמייכלענדיק אף מיר מיטביידע אויגן,
ווי גלײַך ער וויל פארמילדן מיר זײַן מאָנען, זײַן באגערן,
זײַן גרייטקײַט און זײַן רעכט א יעדער שטערונג צו צעשטערן.
כ׳האָב דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן...

— כ׳בין שולדיק.
מײַן בלוט איז צו צעדולט און אומגעדולדיק.
צו שלאבעריק געשולט מײַן ווילן און מײַן זינען.
צו שוואכ איז מײַן אקשאָנעס אין געשלעג מיט א ניסאָיען. —
און דאָ איז אזא בלענדיקער באגינען!
און דאָ איז אזא וועלט אין ווידערבויען!
א שלאל פון שיינס פארפלייצט,
אז כ׳קען דאָס וואָרט גאָר ניט געפינען!
נאָר איכ וועל...

— מיר האָבן דאָס געהערט צוריק מיט א יאָרצענדליק,
אין ליד צו אונדזער היימלאנד האָסטו דאָס דערקלערט.
דערווײַל איז דאָכ געשען אזוינס! ס׳האָט אלץ געענדערט.
א וועדטעלע! די וועלט האָט זיכ געקערט!
מ׳האָט דאָכ דעם פאָלק דערלאנגט א שפּיז אין קארק אריַין,
אז ס׳האָט פון אָרט צערודערט אלע זײַנע גרונטן.
נאָר אָפּגעענטפערט האָט דאָס פאָלק מיט קלעפּ, מיט נאָכ מער שטארקע,
אז דער באוואָפנטער מעטורעפ ליגט שוין אונטן.
אזוי האָט אפ צוריק דאָס פאָלק דעם פײַנט געגעבן —
און אופגעשטעלט האָט זיכ באנײַס דאָס לעבן
און שטייט אפ אלע מיל אָנען פעסטע פיס,
דאָס רוישט און ראשט און מאָנט זײַן רעכט מיט שטארקײַט,
און ווידער אָנגעגורט, קיין קויעכ קארגט ניט
צו קענען פרײַ, אהין אין הייכ, זיכ טאָן א ריס!
אין וווּ זשע איז דײַן וואָרט, דײַן וואָרט ווו איז?

געוויס, דו האָסט פארזוכט פון אלדאָסבייז די טאמען,
ביז כויעכ-פינצטערניש, ביז בראנד,
איז עפשער ביכטו מיד?.. איז קום מיט מיר צוזאמען
א קוק טאָן אפ דער היים, מיט הארצ און מיט פארשטאנד.
ווי טרײַ שטייט אופ דער מענטש דאָ אלע אינדערפרי,
צו אָפּטאָן גוטס, זיכ אויסבאָדן אין יאם פון פרײַער מי.
אמאָל פארקוק איכ זיכ אפ אונדזערן א מענטשנס הענט

און זע איך זיי אזא מין נייַע קראפט! אָט יענעמ וועגד דעמ פרייַען,
וואָס גיט אַרייַן אין שטומען שטאָפ דעמ גייַסט, וואָס בלענדט,
וואָס איז, דעמ מייַסטער, נערט, און אונדז דערקוויקט מעכייַע...
אוואדע איז דערצו די וועלט נאָך ניט געווינט,
געווינט איז זי פון לאנג צומ וואָרט פון טרייסט, פון טרויער,
צו אומעט-פרייד אין פייַן געשלייַפטן טראפ געצוימט,
ווי קען פארטראָגן גאָר איר איידלער מידער אויער
די נייַע שייַנקייַטן, אז דאָס דערשיטערט און דערשטוימט!

אמאָל, אָט דאן, ווען אונדזער לעבן
געראנגלט האָט זיך (אין דער נידער),
איז די נאטור, דאָס גאנצע לעבן
געווען מיט אונדז אפ קידער-ווידער.
ווען ס'איז דער הונט געווען דעמ פאָרעצס —
האָט ער באבילט אונדז אפ די וועגן,
ווען מיר האָבן געטראָגן לאפטיעס —
איז שמוץ געווען אונדז יעדער רעגן...
ווען מיר האָבן געשוויצט פאר יענעמ —
האָט אונדז די זון געפלאָגט אין פלייצע,
ווען מיר האָבן געלעבט אין גענעמ —
האָט יעדער „קנעפל" בייז צערייצט אונדז.
נאָר האָבן מיר דער היימ באוואָרנט
א מענטשלעכ זייַן, אפ אונדזער שטייגער —
איז ווי באליבט איז אונדז געוואָרן
דאָס אלצ ארומ, ווי לייַבלעכ-אייגן:
ס'איז ליב אין מיצ דער רויטער שטערן,
ס'איז גוט דער גאנג פון רעגן שווערן,
די זון — אין אונדזער נאשפיצ פאָרט,
און אויכ... דער הונט איז אפ זײַן אָרט.

געפין דאָס וואָרט — דאָס וואָרט פון עמעס
צעשפאלט דעמ שטארקסטן שעקער-פעלדז,
דאָס הייסע וואָרט אונדזערס, פארנעמ עס —
דאָס איז דאָס דייַנע הארצ דער וועלטס!

דערמיט האָט אונדזער היים פון עמעס
פיל פײַנט באַזיגט שוין אָפּ דער ערד!
— — — — — — — — — — —

— מײַן פרײַנט, דײַן וואָרט, דײַן יעדער רעמעז
פאַרזאַפּט מײַן בלוט מיט פולער ווערט.
אָט זע — מײַן האַרץ באַפרײַט פון קלעם איז,
און נײַער שווונג איז מיר באַשערט!



## וואלד

פרי פארטאָג, ווען פייגל לײַטישע נאָכ שלאָפנ,
פלעג איכ גייג צום וואלד מיט א וויזיט.
אויג אפ אויג מיט אים א רעד טאָנ אָפנ
וועגנ אלע אומרועג פונ מײַנ געמיט.

נאָר דאָרטנ איז שוינ דאָ די קראָ,
די מארקעלעכע שרײַט פארשײַט:
שוינ אָפגענארט א צווייטע קראָ,
אונ שטעקט איר פײַגנ
אונ זעצט זיכ גראָב, אָנ אָפשײַ, אפ די צווײַגנ
אונ אפנ ראנדעווו אפ מײַנעמ שפײַט.
האָבנ מיר זיכ אויסגעלאכט
אונ ווײַטער זיכ געשפאנט
אונ אונדזערס זיכ געטראכט.
פארבײַ די טריבע פיל-מישפאָכעדיקע יאָדלעס
(די קנאפע בעריעס טרעטנ אָפ די פיס זיכ
איינס דאָס צווייט)
איכ קום צום וווּנדערלעכנ פלאצ,

צו יענעם פּליינ דעם העלג,
ווו ס'האָט דער וואלד באמיט זיך
זיינע שענסטע יאָדלעס אויסצושטעלנ,
אונ צוגערוקט א בינטל קוועלעכלעך, וואָס קוועלנ,
אונ ארום זיי — די שענסטע גראָזנ אויסגעשפּרייט.

איז וואָס האָט דעמלט מיך געקלעמט באַם הארצנ?
א בערעזע-בוימ, א יוגנט נאָך —
געבראָכנ אונ צעשטאָכנ — הוילע לאָך,
די דארע שטעקנס צו דעם הימל שטארצנ.
אזא מינ בוימ האָב איך געזענ,
אונ דאָס איז מיר געלעגנ אפנ הארצנ,
פונ דעם אונ ענלעכס נאָך
האָב איך געדעדט.

אזוי האָב איך אינ וואלד פארבראכט
אויך יענע שאָ, ווענ יונגע באָדנ זיך אינ קוואלנ-פּראכט.
געזענ אינ גרינעם גראָז,
ווי ראָזע לייבער לויכטנ
דורך אלע דורכלויכטנ,

אינ קאלטנ וואסער טויכנ,
אונ אויך דערפונ איז אומרופול געווענ מיינ נאכט.

אונ איצטער, וואלד, ביסטו אנ אנדער וואלד געוואָרנ,
א סאך פארגלייבט אינ דיר: דו ביסט דעם מענטש פונ מוט
דאָך בייגעשטאנענ אינ די שווערסטע יאָרנ!
זיינ גוירל האָט דיך ניט געמיטנ —
מיט אים האָסט זיך געבראָכנ אונ געבלוט,
מיט אים האָסטו געשטורעמט אונ געליטנ.
מיט סוידעס, וואלד, מיט סוידעס ביסטו פול,
געווענ ביסטו אינ בונד מיט דער פארשווערונג.
בא דיר אינ קרוינ פארבאָרגנ האָט א שטערנ
אויסגעקוקט דעם וועג אונ אויסגעהיט דיינ גוויל,

מיט דײַנע קרײַטעכצער דו האָסט געטאָן דערנערן
אויך די, וואָס זײַנען שיר פון פּײַן געוואָרן דול.
דו ביסט זיי, וואלד, געוועזן אויך פינצטער און געהיט
ווי זייער שווער געמיט.
דו האָסט באהיט זיי און באשיצט זיי, וואלד,
און די געפּלאָגטע אײַנגערויכט אי מוט אי רו —
ביז דער זוימ פונעם געגארטן האָט זיך ברייט צעשטראלט.
און כאָטש איך וועל שוין דער אמאָליקער ניט זײַן,
און קומען וועט אן אנדערער אין דײַן געבענטשטער רו,
דאָך טוט מיך הארציק פרייען, וואָס דו ווערסט ווידער דו,
און מערסט פאר אים די גאָב,
און קלײַבסט פאר אים די שײַן,
און רײַסן רײַסט איר ביידע זיך פאָרויס
אין גוויל פון ליכטיקײַט ארײַן!



# געזאנג פון מײַן געמיט

## סטאלינען

אינ פינצטערניש פונ נעכט, אינ פּאָרגעפּיל פונ אומגליק,
ווענ אומבאהאָלפנקײַט האָט מיכ געליימט פונ אלע זײַטנ,
ווײַל מײַנע קינדער מ׳האָט געשלעפּט צום ראנד פונ אָפּגרונט,
אונ איכ האָב ניט געקענט דעם סאָפ פארמײַדנ—
האָסטו דעם קאָפּ מיר אופגעהויבנ — „שטרײַטנ!"
אונ האָסט פונ אומקום מיכ פארהיט,
געטרײַער פרײַנט, געזאנג פונ מײַנ געמיט.

ווענ מ׳עסער טויט איז אפ מײַנ פאָלק דער האר געוואָרנ
אונ שטיקערווײַז געריסנ עס, געשטופּט אינ אָפּגרונט,
אונ פארנ גאנצנ פאָלק באשטימט דעם סאָפ פונ יאָרנ —
האָסטו א שווערד געגעבנ אונדז אונ האָסט געבענטשט דעם צאָרנ,
אונ האָסט דאָס אלטע פאָלק פארהיט,
געטרײַער פרײַנט, געזאנג פונ מײַנ געמיט.

ווענ אונדזער היים, די פעלקער אונדזערע געבלוטיקט,
געראנגלט האָבנ זיכ באם סאמע ראנד פונ אָפּגרונט,
האָסטו אפ זיכ די קלעפּ גענומענ אונ געפירט, געמוטיקט,
אונ קראפט אינ אונדז פאר אונדז אנטפלעקט צו קעמפנ גלוטיק
אונ האָסט פונ אומקום אונדז פארהיט,
געטרײַער פרײַנט, געזאנג פונ מײַנ געמיט.

ווענ טויט די וועלט פארפלייצנ האָט פארוועט זיכ,
אונ אירע סטראפּטשעס אפ טריבונעס האָבנ שיינ צערעדט זיכ —

האָסטו מיט דײַנע פרײַנט געלאָזט זיך אינעם פײַער,
אין טויט-געפּעכט דעם פײַנט געשלאָגן מאַקעס-רעצעך
און האָסט די וועלט פון טויט פאַרהיט,
געטרײַער פרײַנט, געזאַנג פון מײַן געמיט.

און איצט מיר זײַנען ווידער מיר. דו האָסט די היילן
פון אונטער אונדזער אויג פאַריאָגט, באַשטאַט מיט זיי די סאָנים,
און אַלט איז ווידער יונג, און וווּנדן גיך זיך היילן,
און גוטע בשׂורות גייען אום און קינד-און-קייט באַטײלן,
האָסט אומגעקערט די פאַרב אין קינדערס פּאָנעם,
דו האָסט דער וועלט דעם כּיין פאַרהיט,
געטרײַער פרײַנט, געזאַנג פון מײַן געמיט!

## אין יענעם טאָג

באַליגט די מאָסקווע-שטאָט — מיט דײַטשן הונדערט-טויזנטער געדיכט,
זיי שפּאַרן מיט די מאָרד-מאַשינעס מיט צעגליטע,
זיי האָבן, אַפּ צעפּיקעניש דער וועלט, דעם טאָג באַשטימט פאַר זיך
אים הוליען מיט אַ מאָסקווער גרויסער שכיטע.

דעם יאָמטעוו-טאָג דעם הייליקן, ווען דורכן רויטן פּלאַץ
די גרויסע וועלט שפּאַצירט אַדורך מיט קינדער,
און יאָמטעוו איז אין יעדער שטוב, און יאָמטעוו איז אין יעדער האַרץ,
און שפּיל — אין פּאַרק, אין אויסגעפּוצטן ערעוו ווינטער,

דעם טאָג פון פרייד — אַפּ טאָג פון פײַניקונג און האַס און מאָרד
באַשטימט האָט אונדז דער קאַט פאַרבײַטן!
נאָר אָט — עס זיפט דער שניי, און מאָסקווע ס'שטילע קאָל דערהאָרכט,
דאָס קאָל, וואָס דרינגט אַדורך, ווי שײַן, די טיפן און די ווײַטן.

און מיטאַמאָל — אַ טרייסט גייט אויף, אַ מונטערקײַט דאָס פאָלק דערקוויקט,
די מאָרעשכוירע פונעם האַרץ — פאַרטריבן.
ווי יעדעס יאָר, באַם ראַנד פון מאַווזאָליי ער שטייט, זײַן בליק
דורך מאָסקווע קוקט און זעט דאָס גאַנצע לאַנד דאָס ליבע.

פון נעכט אָן שלאָף, פון ריזן-מי ביז לעצטן גראַד געשפּאַנט,
אין גאַנג איז זײַן געשטאַלט פאַרויסגעצויגן.
„מיר וועלן אײַנעמען״ — דריקט אויס זײַן יעדער ריר פון האַנט,
באַשווערט דער טיפער בליק פון זײַנע אויגן.

און דאָ געשעט דער נעס, וואָס ווערט אין אײביקײַט פארוועבט,
וואָס דוירעס וועלן יאָמטעוון זײַן זייכער:
א פרישער שטראָם פון מוטיקײַט די קעמפער האָט באלעבט,
מיט אומדערהערטער קראפט דעם פײַנט זיי נעמען ברעכן.

זיי נעמען ברעכן אים אין הארץ, אין קאָפּ, אין סאמע טאָכ,
און ס'ווערן אויסגעדרייט די פיס זײַנע אף פּלייטע,—
אזוי איז יענער טאָג דעם פײַנט געוואָרן טאָג פון בראָכ,
און אונדז—אלס אָנהייב-ליד פון הערצער פון דערפרייטע!

# ע ר ע ו ו

מיר האָבן מויערן געמויערט,
און רויזן האָבן מיר געפלאַנצט.
און רירעוודיקע, ווי באַם טאַנץ,
מיט שאַרפן גראָבייזן, וואָס גלאַנצט,
מיר האָבן אופגעהויבן רויערד.

מיר האָבן ווייטעקן געלינדערט,
פּלאַנעטן האָבן מיר געפּאָרשט,
און פרייד און מוט און וויסן-דאָרשט
מיר האָבן אייַנגעפלאַנצט אין קינדער.

נאָר יענע פלאָג האָט אונדז געטראָפן
אין סאַמע מיטן העלן טאָג.
און קינדער האָבן זיך צעקלאָגט,
נאָך אונדז האָט זיך דער טויט צעיאָגט
פון דאָרעם-ראַנד ביז יאַם פון צאָפן.

# געראנגל אין כאשכעס

איך אײַל פֿארבײַ די שווארצע מויער־בלאָקן,
מײַן וועגווײַזער — דאָס ברעקל הימל־כאשכעס,
איך קום אינעם באהעלטעניש אונטער אלע שטאָקן
און טרעף דאָרטן א ליכט א ראשיקס.

די לאָמפּן פֿריילעכע, די זונען־בעכער,
וואָס פֿלעגן העכער איבער דעכער
צעשײַנען זיך, איז איצט ווי שלעק, וואָס טוען שאָדן —
מע האלט זיי שטרענג פֿארדעקט אונטער די לאָדן.

מע האלט זיי דאָ באהאלטן ווי די קינדער,
וואָס שלאָפֿן אין אן אומרויִקן שלאָף.
אין דרויסן גייט דאָס רײַסעניש אצינדער —
מיט איבערײַסן, אופֿרײַסן, מיט פֿײַער־שטאָף.

און פֿײַער־טויט מיט טויט־פֿײַער זיך ראנגלען.
א גוואלדריס רײַסט דעם כאשכעס אויף די אנגלען.
דעם גיכן טויט מע הערט פֿון רעטונגס־באטאליאָן,
די לעשערס מוטיקע צום אומגליק קומען אָן.

## די טרעפּערן פון טאַגאַנראָג

1

אין אַ שטיבל אַ קלײנס אין דער שטאָט טאַגאַנראָג
װױנט אַן אַלטינקע טרעפּערן דאָרטן,
נאָר די שטאָט טאַגאַנראָג שױן געדענקט ניט דעם טאָג,
װען די אַלטע זאָל טעשלען די קאָרטן.

זינט אַ באַרג־אינזשעניער איז געװאָרן איר בכאָר
און די טעכטער — צװײ קאַלע־געשטאַלטן,
פאַר די רוישיקע יאָר, די סאָװעטישע יאָר
האָט די מוטער קײן קאָרט ניט געהאַלטן.

אָבער איצט מיטאַמאָל האָט די שטאָט זיך דערװוּסט,
אַז די אַלטע דערװאַכט האָט צו טאַטן!
אַז זי טרעפט װי אַ גאָט! און די שטאָט צו איר גלוסט,
און דאָס דאָרף און די דײַטשע סאָלדאַטן.

װי גװיראָלעס זי טרעפט! װי זי לײענט פון דער האַנט
מיט אַ שטראָפנדיק קאָל — אַ געװיִע.
װעמען גליק זי זעט פאָר, װעמען אײביקע שאַנד,
װעמען װיגן זיך קרום אָפּ אַ טליִע.

און דאָס דאָרף צו איר אײַלט, און די שטאָט צו איר שטרעבט,
און דער דײַטש קומט די האַנט צו באַװײַזן.
זי איז מוירעדיק־פלינק, אירע אויגן — באַלעבט
מיט די טונקעלע ייִדישע קרײַזן.

פון איר טרעפּן באַדעקט זיך די פּויערטע גיך
און באַהאַלט פון די דײַטשן די טוווּע,
באַלעבאָסטעס אין שטאָט טרעטן אָפּ זייער קיך
פאַר גראַנאַטן און גיבן אַ שוווּע

בלײַבן טרײַ אונדזער היים און ניט שוינען דעם שלאַק,
ווען אַפילו דאָס לעבן זאָל קאָסטן.
פון דער טרעפּערנס טרעפּן ווערט שאַרפער די האַק,
און געהיים פאַלן דײַטשישע פּאָסטנס.

ווי מעקויעם ווערט אַלץ, וואָס זי זאָגט נאָר פאַרויס,
וואָר איר וואָרט ווערט ווענגן זיג און מאַפּאָלע...
און מע לאָזט מיט אַ דאַנק איר אַ הינדל אין שויס —
אָ, די אַלטע מאָנט שטרענג די באַצאָלונג!

ווער מיט מילכיקס סע צאָלט, ווער מיט פלײשיקס און געלט,
און מע ברענגט איר אַ‬י שיך אַ‬י מאַלבושים.
נאָר דאָס זעט מען ניט אָן אָפּ איר אָרעם געצעלט,
דאָס אַליין איז אַ סאָד אָפּ כּידושים.

2

נאָכן טאָג, וואָס איז פול מיט סאַקאָנע און לייד,
נאָכן אָנשטעל גויראָלעס צו טרעפּן,
הייבט זיך אָן ערשט דער טרעפּערנס מי שטילערהייט
אין דער ערד, אין אַ סקלעפּ, וואָס זי עפנט.

דאָרטן וואַרטן אָפּ איר שוין די טעכטער, די פרײַנט,
פול מיט פראַגן — געפעדערלעכסטער שוועבל.
מיט דער מאָסקווער פאַרבאָרגענער סוואָדקע פון הײַנט,
מיט איניאָנים פון טויט און פון לעבן.

אַ מינוט זיצט די מאַמע די אויגן פאַרמאַכט,
און די טעכטער — צו איר צוגעטוליעט.

מײַנע קינדערלעך, טראכט זי אין הארצן, מײַן פּראכט,
אוי, צי װעלן מיר זען די געולה?

— מײַנע קינדערלעך — פֿרײַנט, פֿאלט בא זיך ניט אראָפּ,
קעגן טאָג קען קײן נאכט ניט באשטײען,
אפֿן פֿעלדז פֿאלט דער טאָפּ — איז אז װײ איז דעם טאָפּ,
אפֿן טאָפּ פֿאלט דער פֿעלדז — איז אלץ װײ אים!

אונדזער לאנד איז דער פֿעלדז, און דער דײַטש איז דער טאָפּ.
לאָמיר טאָן, און די צײַט װעט אונדז העלפֿן.
צײלט דאָס געלט אױס און טראָגט עס דעם אָנפֿירער אָפּ.
טראָגט די שפּײַז אָפּ פֿאר יענע, װאָס קעמפֿן.

און די קלײדער נעמט, טוט די פֿארװונדעטע אָן,
די, װאָס האלטן זיך אױף אין סעקרעטן.
זעט זײ אױסהײלן גיך, זאָלן װידער אין קאָן
קענען שלאָגן זיך פֿאר די סאָװעטן.

— מאמע, מאמעלע — פֿרײַנט, דו ביסט קראנק, דו דארפֿסט רו,
האלטסט אין שלאָף דײַנע אױגן געעפֿנט...
— מײַנע קינדערלעך—פֿרײַנט, ביז די קאָרט דעקט אונדז צו,
ביז די קאָרט גיט די הילף, װעל איך טרעפֿן...

3

אָ, דער זיבעטער טאָג פֿונעם כּידעש נאָ׳אב,
אינעם ביטערן יאָר צװײ און פֿערציק,
ס׳װעט די שטאָט טאגאנראָג פֿארגעדענקען דעם טאָג,
יענער טאָג איז פֿארקריצט אין די הערצער.

ס׳איז באגינען געװען. פֿון אן אומרו געדריקט,
איז די טרעפּערן צו צו דעם פֿענצטער,
נאָר דערשראָקן זיך, ס׳האָט זיך א מאכנע גערוקט,
ניט קײן מענטשן — נאָר הױלע געשפּענסטער.

פונעם לאגער פון טויט האָט געטריבן דער דײַטש
די געפאַנגענע לײַט אַפ דער אַרבעט.
קרוע־בלוע. פון הונגער די ערד, דאַכט זיך, שרײַט,
דאָס געביין מיט די נאַקעטע שאַרבנס.

— גאָט פון כעסעד, פון רעכט, דײַן געדולד צו דעם פײַנט
איז דאָך גרויס ווי זײַן וויסטער פאַרברעכן!
הייבט זיך אויף, מײַנע טעכטער, מיר דאַרפן דאָ הײַנט
אַפ אַ האָר כאָטש דאָס אומרעכט פאַרעכטן!

נעמט די קוישן און פאַקט, נעמט די שמאַלץ, דאָס געבעקס,
רופט די ייִנגלעך דער שכיינעס פאַר העלפער.
כ'גיי פאָרויס צו דער וואַך — זי באַשמירן מיט שפּעק,
איר נאָך מיר ברענגט די שפּײַז פאַר די קעמפּער. —

פולע קוישן מיט שפּײַז אינעם לאַגער געבראַכט,
פולע הויפן מיט שפּײַזן געגאַרטע.
שטייט די קליינינקע פרוי און דעם לאַגער באַטראַכט
און אַ פרעג טוט די לײַט די פאַרשפּאַרטע:

— ווייסט איר, קינדער, אַ וועלכער טאָג עס איז הײַנט?.. —
איז אַ קרעכץ אַדורך אַלעמענס ביינער.
מיטאַמאָל האָבן אַלע זיך אויסגעשטעלט גלײַך
פאַר דער טרעפּערן, אַלע ווי איינער.

די פאַרפּײַניקטע האָבן געשטעלט זיך אין פראָנט,
שטום, צערודערט דעם קאָפּ אופגעהויבן —
צוליב אים, אָט דעם טאָג, וואָס זי האָט זיי דערמאָנט,
דעם געדענק־טאָג פון זיג און פון גלויבן!

## טײַנע־לאָשן פֿון לײזער פּאַפּערניקס מוטער

אז װײ איז דער מוטער, װאָס װערט אָן דעם זון,
און צען מאָל מער װײ, אז זי װערט אָן א העלד.
דעם נאָמען, װאָס ער מיט זײַן טױט האָט פֿאַרדינט,
ער װאָלט אױך פֿאַרדינט, װען ער לעבט אױף דער װעלט.

געװען איז זײַן פֿירונג פֿון אײדלסטן שניט:
זיך מאַפּקיר זײַן גרײט פֿאַרן װױל פֿון די לײַט.
א גוטער, א פֿאָלגער, און גרינג אין געמיט,
פֿאַר אונדז, טאַטע־מאַמע, נאָך אױך געהאַט צײַט.

װען ס׳האָבן די ראָצחים אױף אונדז זיך צעלאָזט,
און שאָפֿל מיר זײַנען געװאָרן בײַ זיך,
איז קומט ער שטאָקנאַכט פֿון זאַװאָד אױף א שאָ
פֿאַרברענגען אין שמועסן מיט אונדז אױף דער קיך.

געװען איז זײַן װאָרט א רעפֿוע צום האַרץ.
געטרײסט און געלאַכט, זײַנע מײַסעס דערצײלט.
נאָר איך האָב געפֿילט, אז זײַן האַרץ איז פֿאַרשװאַרצט,
אז ס׳האָט זיך זײַן פֿריִערדיק גוטסקײַט געפֿעלט.

פֿון אומרו, פֿון אומרו מײַן האַרץ האָט געברענט.
און אײנמאָל... ער קומט, און איך זע: ס׳איז געשען!..
איך פֿיל, איבער מיר שפּרײטן אָװעס די הענט
און זאָגן: „די שאָ האָט געשלאָגן, געװען,

דו שיקסט דײַן בעניאָכיד באַשיצן די הײם".
איך קוק אױף מײַן קינד — ער איז ליכטיק, ער קװעלט,

איך זע — ניט קיין שאָפּ כ׳האָב געבוירן — א לייב,
וואָס וועט ניט דערלאָזן צו קריוודען די וועלט...

א מענטש קומט אין לעבן אפּ אָפּצוטאָן גוטס —
איז איינער צעציט עס און שטארבט אלס א גרייז.
א צווייטער — באַם אָנהייב שוין פילט אויס זיין כּיוון,
באַפּאָרעט זיך גיך און ווערט אייביק געפּרייזט.

ווי ער איז געווען טאטע-מאמע געטריי,
אזוי איז ער טריי געווען לעבינס געבאָט.
איז איצטער פאר אלע א ליכטיקע שיין
דער אויצער, וואָס כ׳האָב אין מיין שטיבל געהאט...

אז ווי איז דער מוטער, וואָס ווערט אָן דעם זון,
און צען מאָל מער ווי, אז זי ווערט אָן א העלד.
דעם נאָמען, וואָס ער מיט זיין טויט האָט פארדינט,
ער וואָלט אויך פארדינט, ווען ער לעבט אפּ דער וועלט.

# דער בלינדער שלאַכטמאַן

איבערן דזערזשינסקי-פּלאַץ איז ריין געווען די לופט,
שוין איינמאָל-כידעשדיק! ערעוו-פרילינגדיקער דרויסן!
א קאָמאַנדע שפּערלעך האָט געשפּילט אין באָל:
א פּאַפּירן קײַקל אין דער הייך געשטויסן.
כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט און בײַגעלעבט דעם מאַטש,
און די שפּערלעך בראַוואָ האָט מײַן האַרץ געפּאַטשט.

כ׳האָב דערפון דערציילט די שלאַכטלײַט. מ׳האָט געלאַכט,
און נאָכאַמאָל האָט מיר געטאָן האַנאָע.
כ׳האָב דערנאָך אין יעדער אונדזער שלאַכט
אָ דעם שפּערל-מאַטש געהאַט אין דער מאַכשאָווע...

און איינמאָל האָט געטאָן מיט מיר א שלײַדער שווער.
כ׳האָב דערפילט, כ׳בין בלינד, די אויגן ברענען.
ווו בין איך ווו?! געפילט כ׳האָב זון, א טויט-שטילקײַט געהערט,
דאָס שלאַכטפעלד נאָכן שלאַכט, כ׳האָב געפילט דעם גענעם.
און כ׳האָב אָנגעטאַפּט מיט פּאָנעם און מיט הענט
מענטשן-פלייש, און ביימער-שטאַם, און שטיקער פרענט...

און געמאַטערט האָט מיך ביז צו טויט, צו מעשוגאַס,
אז אין דעם סוינעס גוואַל בין איך און באַלד וועט ער מיך פּאַקן.
איך בין זיך מוידע: כ׳האָב אראָפּגעשלעפּט פון זיך דעם פּאַס
און אופגעהאַנגען זיך אף עפּעס אַזאַ האַקן.

ווײַזט אויס, פאַרלאָזט האָט מיך דער זינען אף א צײַט,
און איבער שווערע וועגן האָבן מיך געטראָגן

14—176

אונדזערע, די שלאכט־פאַרהאָרעוועטע לײַט
אַפֿ אויסדערלייזן מיך פֿון מײַנע פּלאָגן.
איך ווייס ניט, ווי און וואָס מיט מיר איז דאַן געשען
און ווער פֿון מײַנע שלאַכטלײַט איז דערבײַ געווען, —

נאָר דערוואַכט האָב איך אין היימלעכן שפּיטאָל,
דערהערט געזאַנג און אַלץ דערמאָנט זיך מיטאַמאָל:
דזערזשינסקי־פּלאַץ, פֿרישער פּרי־לופּטיקער טורניר,
און בלינדערהייט איך זע, ווי שפּערלעך שפּילן איבער מיר...

# א בלימל

קיִעוו, הארבסט, דער דײַטש איז אינ שטאָט. אפ דעם טראמוויַ
דעם איינציק-מעגלעכנ, אינ מאָרעשכוירע ווארטנ
די נאָרוואָס אופגעשטאנענע. געדריקט, ווי בליַ
וואָלט אָנגעפילט די ביינער זיי די אויסגעדארטע.

מע צאנקט פונ לאנגווייַל. פּלוצעם, ווונדערלעכ — מע גאפּט:
פונ לענינ-פּלאצ באצוווּנגענעמ דערהערט מענ זינגענ:
„שיראָקא סטראנא מאָיא ראָדנאיא"... קלינגט די ליד מיט פולער קראפט,
פונ ברוסטנ מעכטיקע אינ שטאָלצע סטראָפּע-רינגענ.

וואָס הייסט עס? וואָס געשעט? ווי קומט געזאנג אינ גוויל פונ לייד?
דאָס פירט א דײַטשע וואכ מאטראָסנ זיבנ מאנ געפאנגענ.
אינ איינע לײַב-העמדלעכ מע שפאנט, די הענט מיט דראָט פארדרייט,
דער קאָפּ אָבער פארטראָגנ אינ הייליקע געזאנגענ.

ווי ניוועדיק סע האוועט אונ סע פאדעט ארומ זיי די וואכ!
ווי הינט דערשראָקענע באמ איבערופּ פונ לייבנ.
די יאמלײַט זינגענ, שטאָלצ אונ האָפענונג דערוואכט,
אונ אָלנ פאלנ אָפּ, אונ הערצער פריַ זיכ הייבנ.

אונ ווי זיי גיי'נ פארבײַ די לײַט, וואָס ווארטנ באמ טראמוויַ,
געשעט א שטוינענדיקס מיט שווינדלדיקער פלינקײַט;
א שווונג — אונ אפּ דער ברוסט פונ א מאטראָס דערשײַנט
א בלימל, אײַנגעשטעקט דורכ עמעצס טרײַע פינגער...

## די שטאָט אין סאקאָנע

די ווײַבער און קינדער זײַנען אוועק
אין א ווײַטער שטאָט, אין א שטילן עק
צום ווארטן, צום וואקסן, אין זיכערקײַט בלײַבן,
ביז וואנען דאָס אומגליק מע וועט ניט פארטרײַבן.

די מענער — זיי זײַנען געבליבן אליין,
איז פּוסט און פארשטויבט זיי געוואָרן די היים.
מע קוקט אפן אָרט, ווו די מאמע פלעג זיצן,
מע רעדט מיטן בענקל אווארעמער וואָרט,
מע נעמט דעם פארגעסענעם קלאָון אין מיצל,
מע לייגט אים אוועק אפ א זיכערן אָרט.

די מוטיקע מענער, די שיצער פון היים,
ווי זעען זיי אויס, ווען זיי בלײַבן אליין!
די שרעקלאָזע קעמפער פון הייסע געשלעגן —
ווי קינדער אָן מאמעס, מיט אויגן, וואָס פרעגן.

מיר זײַנען אין גאָרקיס געקומען צו עסן,
נאָר ס'האָט ניט געגלוסט זיך צו עסן אליין.
און דאָרט איז א ווײַטע באקענטע געזעסן,
זי האָט שוין געענדיקט און הייבט זיך אוף גיין.

דאָ האָבן מיר אלע גענומען זי בעטן
א ווײַל נאָך אין אונדזער געזעלשאפט צו זײַן,

װעט זײַנ אונדז דער מיטיק אי פרײלעכ אי זעטיק
אינ מילדער, אינ װארעמער, הײמלעכער שײַנ.

געװענ איז דער מיטיק אונדז פרײלעכ אונ זעטיק,
װײַל זי איז געזעסנ דערבײַ ביזנ סאָפ.
געװענ איז דער טאָג אונדז דאנ מונטער אונ טעטיק,
אונ אומבאַרירט-רויִק געװענ איז דער שלאָפ.

1942

# דער קאפּיטאַן

מיט וועמען רוישט דער באַלטישער יאַם
פון אויבערפלאַך ביז גרונט דעם טיפן?
ווער קעמט דעם יאַם אַדורך ווי מיט אַ קאַם,
אַז ס'וואַרפט מיט די פיינטלעכע שיפן
דאָס זיבעטע קאַדאָכעס?
ס'איז ייִצכאָק קאַבאָ—דאָס איז זיין מעלאָכע!

ווי ייִצכאָק קאַבאָ די באַלטיק קען!
זיין אונטערוואַסער-שיפל פירט ער!
ער טוט זיין אַוואַנט מיט הייליקן ברען:
מיט טויטע פיינט דעם גרונט באַצירט ער,
אַז מע דאַרף גאָר ניט בעסער!
ער שפּילט זיי אָפּ דאָרט, קאַבאָ דער אָדעסער.

אים העלפט קאַצענעלסאָן דער שטרענגער „זאַמ",
אַנטיפּאָוו דער שטורמאַן און פּראָנין דער באָצמאַן,
צו דינסטן געשטעלט אים דעם גרונט האָט דער יאַם:
דאָס שלעפּ-גראָז, פון שיפּ-בראָך די באַלקנס צעשפּראָצטע,
די שטיינער און גריבער—
פאַר ייִצכאָק קאַבאָ, אונדזער יאַמען-גיבער!

געטרוימט האָט ער אַמאָל צו זיין אַן אַרכיטעקט
און וווּנדערלעכע גאָרטן-שטעט צו בויען,
אין טרוים האָט ער די וועלטן פון מוזיק אַנטדעקט,
געגאַרט דאָס האַרץ דעם פידל צו פאַרטרויען
אויף אייביקע יאָרן!..
נאָר ייִצכאָק קאַבאָ איז אַ העלד געוואָרן!

עס לעבט אין טיף פון יאם א שיינער קאַפּיטאַן,
פאַרליבט אין אים — די מוזעס אים באַגלייטן.
ווי קונציק וואַרפט ער פיַינט צום גרונט פון יאם,
און דיַיכע סודעס טוט ער פון זיי גרייטן
פאַר די יאמען-בריִעס.
ס׳איז ייִצכאָק קאַבאַ, אונדזער שטאָלץ און כּיִעס.

## יִסראָעל פּיסאַנאָוויטש —
## העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד

### 1. אין „יאַלזאַוועט"[1]

ווער עס שלאָפט — די ערד נאָר שלאָפט ניט:
רייכעס, סוידעס ווינטלען לינד,
הימל, ערד — ווי טאַטע-מאַמע
הערן צו זיך צו דעם קינד,

וואָס די אויגן האַלט עס אָפן.
אוקראַינער הימל, ערד —
קישעפן דאָס קינד דאָס וואַכע,
מיט נאַכט-געזאַנג דאָס ווערט גענערט.

זומער-נעכט אין היי צו ליגן —
ווער עס פילט אין דעם א טאַם!
ווייַטע שטערן-געגנ באַטראַכטן,
ווי די שיפן אינעם יאַם.

פרייַנטשאַפט נעמט זיך דעמלט קניפּלען,
טרייַהייַט גיט דעם ערשטן בליט,
און א שווייַגנדיקע שווע
שווערט דאָס קינדערשע געמיט.

שפּעטער ווערן וואָר באַגערן,
כאַרקאָוו, קונסט, די גרויסע שטאָט.
אויך די שול די יידישע באַזוכט ער,
און די יאַם-שול, און דעם פלאָט.

1 יאַלזאַוועט (יעליסאַוועטגראַד) — קיראָוואָגראַד.

## 2. פיסאנאָוויטש אין טיף פונעם איי־ז־אָקעאן

ניט קיין גוואר, ווי יאמלייט מאָלט מען,
קארגלעך איז זיין ברייט, זיין הייך.
לעבט א באָכערל א פאָשעטס
מיט אן אויסזען — היימיש ווייך.

אויגן בלויע, פול מיט שמייכל,
שטילע שפאס־רייד, פול מיט כיין —
ווער איז אָבער מער געפרווטער
דורך דעם יאם און טויט אליין?!

ווו זשע איז דער שפור פון טויט־געענג
אינעם טהאָם פון ערגסטן יאם?
ווו — די קנייטשן פון כאקאָנעס
און פון העלדישקייט דער פלאם?

דאָס איז אלץ אין הארץ פארבאָרגן.
ס׳לעבט אין בלוט אים אומבאוווּסט —
לעבנסלוסט און טויט־פאראכטונג
לעבט אין אָט דער שמאָלער ברוסט!

אויג אף אויג מיט טויט זיך טרעפן
איז זיין וואָכעדיקער גאנג,
פאר זיין רו — די שטורעמס קניען,
שטורעמס אינעם ווילדסטן דראנג.

## 3. ער צאָלט

ייִסראָעל ווייסט, אז טרייסט איז נייטיק,
ער גייט אונטערן וואסער מיט פארהוילטן גאנג,
באשטייט דעם ווידערשטאנד פון יאם, און פארן ווייטעק,
פאר מענטשנס פיין — די אומענטשן דערלאנגט.

...די זקיינים האָבן זיי געשטעלט אַפּ אַלע פיר,
די הענט פאַרקלעמט, די פיס צענומענע מיט א שטעקן,
די קינדער מיט א סאַם די ליפּעלעך געשמירט,
זיי זאָלן אין דער ערגסטער לייד זיך עקן.

די הײם, וואָס האָט געזונגען, קרענקט פון דײַטש און קלאָגט,
צעשזערט די ליבע שטעט — כאָטש הינט צו טרײַבן.
געבליבן איז די הײם אָן יוגנט — אַפּ קנעכטשאַפט זי פאַריאָגט.
ווי זאָל דאָס פאָלק אָן יוגנט לעבן בלײַבן?!

יִסראָעל ווייסט, אַז טרייסט איז נייטיק,
נעקאָמע לעכצט דאָס פאָלק, איז ער געטרײַ און פלינק,
און דרינגט דעם אײַז-יאַם דורך, און צאָלט אָפּ פאַרן ווייטעק,
דאָס שטאָלצע הארץ, דאָס אײַנגעבראָכן הארץ פאַרגרינגט!

# מיכאיל פלאָטקינ פארטונקלט בערלינ

באטאָג האָט דאנ בערלינ געטיילט זיכ מיטנ רויבזאק,
צונויפגעשלעפט פונ הויפטשטעט. אינ די נעכט
גערוישט מיט וויַינ פונ אלע קעלטערס פונ אייראָפע,
דעמ פיסק פארשטאָפט מיט רײַכנ פרעס-געפלעכט.

די נעכט, די העפקער-נעכט פונ מערדערישע גאָרגלענ,
די ליארעמ-נעכט פונ מאָרד, פונ טויטס דערפאָלג!
אייראָפעס הויפטשטעט כאָרכלענ האלב-דערוואָרגנ,
אינ געטאָס צאנקענ רעשטנ פונ א פאָלק.

מע מאכט די לענדער פרײַ פוג מענטשנ, פונ האמוינימ,
זיי זאָלנ ווערנ ווילדער וואלד פאר יעגערס בלויז,
אייראָפעס שטעט באשטימענ זיי פאר דײַטשע בוינעס,
אונ נאָר בערלינ פונ כאשכעס שײַנט ארויס.

אונ אָט איז אינ קלינצי א זינדל אויסגעוואקסנ
באמ לערער פלאָטקינ. ער — דאָס פינפטע קינד.
אונ אָט, דעמ ייִנגל וואקסנ פליגל אפ די אקסל,
א וווּנדער-קראפט אינ בלוט זײַנס רינט.

אונ ער, דעמ לערערס זינדל, קריגט דעמ קאָוועד
צו פליִענ אויסלעשנ בערלינער שײַנ.
באנאכט, אינ קאָפּטער זויערשטאָפ, אינ הייכ ער טראָגט זיכ
דורכ הימל-קעלט אונ שווימט אינ סוינעס לאנד ארײַנ.

אָט רוישט אינ ליכט בערלינ, די פלעצער פונ רעציכע,
אָט ליגט בערלינ דאָ, אונטער פלאָטקינס פיס.

ער לאָזט זיך נידעריק אראָפּ צו אים און זיכער,
אין פּארצעף גיט ער אים, אין פּארצעף — ריס נאָך ריס!

אזוי, געשלאָגן ווער מיט ברענענדיקע היימען,
מיט אלע מאקעס, וואָס דו טראָגסט מיט זיך.
ניט שײַנען וועט קיין יאָמטעוו-שײַן אין אײַער גרענעץ,
קאָלזמאנג בא אונדז איז אויסגעלאָשן ליכט!

באם מענטשנס לעבעדיקן לײַב דעם אָדער טרענען
איז אײַער גוסט — איז נאט, אויב אײַך געפעלט!
איז נאט און נאט! ווען איר פון עק ביז עק וועט ברענען,
ערשט דאן וועט אופלויכטן די פרײַע וועלט.

און מישע פלאָטקין איז פון פלי צוריקגעקומען
פארטאָג א דורכגעווייקטער ביזן ביין.
און איידער נאָך דעם פליִער-פּעלץ אראָפּגענומען —
אן אָטעם טאָן ער לייגט זיך אפּן שטיין.

## פלײשמאַן דער באַרדיטשעווער

צווישן טעטערעוו און בוג,
וואָס צום יאַם זיך יאָגן,
האָט די פּליטקע גנילאָפּיאַטקע
אויבעט וואָס צו זאָגן.
איר באַרדיטשעוו איז באַרימט
מיט אירע יִכעס-שטאַמען.
ייִדן האָבן דאָ פאַרזוכט
פון אַלע זיבן טאַמען.
ווי אַ גאַבעטע איז דאָ
די נויט אַרומגעגאַנגען,
לײווי דער באַרדיטשעווער
האָט דאָ פאַרפאַסט געזאַנגען
פול מיט טײַנעס און מיט שטאָלץ
צום טויבן בײזן בוירע,
מיט אַ פרומען פלעדערוויש
געיאָגט די מאָרע-שכוירע.
זיידע מענדעלע האָט דאָ
געקײַכט, געקאָכט פון צאָרן:
פרײַנט פון פאָלק און פײַנט פון שלעק
אָט דאָ איז ער געוואָרן.
פּערעץ האָט דאָ שעמערירט
אין פרײַ-גײַסט און אין כסידיש.
שאָלעם-אַלײכעם האָט אַ-דאָ
געשעפּט באַם פאָלק זײַן ייִדיש.
דאָ האָט בערגעלסאָן פאַרפלאַנצט
זײַן נײַ-גײַסט, זײַן מעסוירע.

דאַן האָט דאָ די נײַע ליד
דערקוויקט די נײַע דוירעס.
אַלץ איז ניט געווען אומזיסט —
מע האָט פאַרזייט צום וואַקסן!
ווען דער אומגליק איז געשען
און באַדאַרפט מ׳האָט אַקסלען —
האָבן יונגען זיך געשטעלט
קעגן אומגליק מוטיק,
און פאַר יעדן ברעקל היים
געשטערעקט זיך, טויט-געבלוטיקט.
איינער פון די טרײַע זין —
פליישמאַן איז זײַן נאָמען,
הייבט זיך אויף אין הימל-רוים
און טרעפט פון דאָרט דעם האַמאָן,
טוט אין טויט אַרײַן דעם פײַנט,
שטיקער פון אים רײַסט ער, —
פײַלנבויגן פאַלט דער פײַנט,
אַווו דער יאַט באַווײַזט זיך.
ווייל דעם פאָלק, וואָס האָט די זין,
יונג דאָס פאָלק וועט בלײַבן.
און פון אַלע זײַנע פײַנט
די ביינדלעך וועט מען קלײַבן.



## דאָס נײַע צווילינג

1

אָוונט קום איך אין א שטעטל,
כ'טרעף עס פוסט און וויסט,
קימענעס א שווארצע קנופיע
צווישן הערבעס מיסט,
אינעם ערשטן איבערבלײַבעכץ
פון א שטוב, אין לאָך,
קום איך נעכטיקן און טרעף דאָרט,
גאָרניט טרעף איך, — בראָך,
אָט, אין בלוט א לערנביכל,
אָט א שאָל פארקלעפּט
אין א פליוכע בלוט פארטריקנטס, —
דאָ האָט מען געלעבט.

נאָר פארטאָג, פארטאָג דערהער איך
פריילעכן געקלאנג,

ערגעץ קלינגט א קוזניע־האמער,
מונטער ער דערלאנגט,
הייסט עס: לעבט מען! און דאָס לעבן
שטעלט די ערשטע טריט,
לאָז זיך וווילגיין, אומבאקאנטער,
אלטער — יונגער שמיד!

2

„זײַט מיר מויכל, וואָס א פרעמדן,
רופֿ איך אײַך צו זיך:
כ'בעט אײַך אפֿ א גלעזל מאשקע —
הירש דער שמיד בין איך!

מײַן ווײַב, צו אלדי גוטע יאָר,
האָט מיר די טעג געשענקט א פּאָר,
געשענקט א פּאָר, א וווּנדער גאָר,
א וווּנדער פֿון א פּאָר!

זײַט אונדז מויכל... שנאפּס איז שנאפּס דאָך,
זאָל זײַן אין א שאָל...
אונדז איז פּאָרט באשערט צו לעבן
ווידער ווי אמאָל!

שטיקערווײַז מ'האָט אונדז געריסן,
אונדז אין גיפּט געדעמפּט,
דאָך אין סאמע טויט מיר האָבן
מיט דעם פײַנט געקעמפּט.

און איצטער אים מע קירצט די יאָר,
און יידן קומט איצט צו א פּאָר!
א נײַע פּאָר, א וווּנדער גאָר,
א וווּנדער פֿון א פּאָר!

לאָמיר טרינקען פֿאַר מײַן ליבסטער
און פֿאַר איר געשענק,
פֿאַר דעם נײַעם צווילינג ייִדן,
וואָס דער וועלט זי ברענגט.

מיר זײַנען ווידער פֿיר, מײַן פֿרײַנט,
און הערט מײַן סאָד און שווײַגט — מיר שײַנט,
מיר דאכט, אַז ס׳וועט דאָס ווײַבל מײַנס
אַ מוטער-העלד נאָך זײַן!..״

11—176

# א זינג־ליד

מ׳האָט לאַנג געקירצט מיר מײַנע יאָר,
דאָס לעבנ מיר פארשטערט,
איכ בינ געהאנגענ אפּ א האָר,
אונ איצט שטײ איכ אפּ דר׳ערד!

מ׳האָט מיכ געשאצט — א סקריפּ פונ טיר,
א וואָרעמ אינעמ כרײנ,
אונ איצט איז ווילד מעקאנע מיכ
דער בארג־אָדלער אלײנ!

אָט דער, וואָס האָט מײַנ הויז צעשטערט,
צו שאנד געמאכט מײַנ ווערט, —
דעמ ווערט זײַנ אײגנ הויז צעשטערט,
דעמ לײגט מענ טיפּ אינ דר׳ערד!

אָ, קינד אונ קינדס־קינדער, געדענקט
אָט די, אינ רומ געקרוינט:
זײ האָבנ אײַכ די וועלט געשענקט,
אלײנ זיכ ניט געשוינט!

זאָל קלינגענ הויכ דער רויטארמײ
אונ סטאלינענ די ליד,
דאָס זינגט די ערד, זינגט אויס פאר זײ
איר הארצ אפּ שפּראכנ אלערלײ,
איר דאנקבארנ געמיט!

## וואַניע זשיטקאָוו

געווינט האָבן זיך גראָזן אין זון און זאַפט געוויקט.
א יאַט איז אָנגעקומען צום וואַלד און זיך געלייגט.
און שטיל געגומען קריכן די גראָזן קוים באַרירט,
אַהין, ווו יענע האַלטן זיך אין גריבער פאַרמאַסקירט.
ער קריכט, און אָט שוין נאָענט... אין ראַנד ער קוקט זיך איין,
און אַלץ, וואָס אויגן זעען — אין קאָפּ ער נעמט אַריין,
דאָס ערשטע מאָל, אַז מ'האָט אים אַזאַ מין זאַך פאַרטרויט,
ער הייסט דעם האַרץ זיך שטילן און מוטיק זיין זיך נויט,
מע האָט אים דאָך געוואָרנט... געזאָגט אים — נאָך צו יונג...
ער דאַרף א „צונג" דאָ נעמען... ער קומט ניט אָן א „צונג".
ס'האָט ער געשיקט דאָך קינדווייז א בריוו דעם מאַרשאַל דאַן,
ווען ס'איז זיין ליבער ברודער אין רויטאַרמיי געגאַן
און צוגעזאָגט: ס'וועט קעמפן דער ברודער, ווי א העלד,
און ער, פּונקט ווי דער ברודער, ווען ער וועט זיין געשטעלט...
ער ליגט און וואַרט... און אָט-אָ — א דייטש! און גאָר ניט ווייט,
אין עפּעס דאָרט פאַרפאָרעט... א „צונג"... די העכסטע צייט...
דער יאַט כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, קריכט צו און... זעץ! אַפּגיך
באַם קאָלנער און באַם רימען — פאַרוואָרפט דעם דייטש אָפּ זיך,
און קריכט און האַלט אים — אייזן! און קריכט מיט אַזאַ איל,
אַז יענער א געפּלעפטער בלייבט שטום די ערשטע וויַל.
און ווען צו זיך געקומען, געכאַפּט זיך, וואָס דאָס מיינט,
האָט דער פאַשיסט דער בראַווער אַזוי זיך ווילד צעוויינט,
אַזוי געגומען וואַרפן מיט הענט און פיס — אומזיסט!
דער יאַט קריכט גיך צו זיינע, האַלט דראָטיק דעם פאַשיסט,
כאָטש פון דער וואָג, וואָס וואַרפט זיך, גייט שיר דער יאַט ניט אויס,
סע קריכן אים פאַר אייַלעניש די אויגן שיר אַרויס,

סע דריקט אים און סע ווארגט אים און ווײַט איז נאָך צום פונקט —
נאָר פּאַרט דאָס כּיעס שטאַרקט זיך, ער ברענגט, ער טראָגט א „צונג״!
ס׳האָט ער געשיקט דאָך קינדווײַז דעם מאַרשאַל יענעם בריוו:
מיט לײַב-און-לעב געשווירן צו זײַן אין שלאַכט אַקטיוו...

דערווײַל האָבן די דײַטשן פאַרשטאַנען יענעמס גוואַלד,
און אָט — ס׳האָט זיך צערודערט דער פאַרמאַסקירטער וואַלד,
מיט מינעס נעמט ער וואַרפן אין יענער פּאַר, וואָס קריכט,
דער יאַט קריכט מיט קאַנאַוועס, ער אײַלט און קווענקט אין זיך:
אַדאַנק פאַר די מאַטאָנעס, וואָס פון פאַרשטעק איר שיקט,
זיי זאָגן אויס די ערטער, דעם אַדרעס אָפּ צוריק!

ער אײַלט, ער קריכט, סע רײַסט זיך די ערד אַרום אַלץ מער,
און שפּליטערס אין אים טרעפן און מאַזיקן אים שווער.
ער אײַלט, ער וויל נאָר זייער, ניט טרעפן זאָל דער „צונג״.
ער ווייקט אין בלוט... אין וועמענס? צי לעבט דער מיִעסער יונג?
אַליין שוין שוואַך ער פילט זיך. ער מוז אים ברענגען פּאַרט,
ער האָט אַמאָל דעם מאַרשאַל געגעבן הייס דאָס וואָרט:
ניט שוינען לײַב-און-לעבן אין שלאַכט פאַר אונדזער היים,
ניט נאָר דעם ליבן ברודערס — דאָס אייגענע געביין...

דער יאַט כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, דערקוויקט פון נײַעם מוט,
ער אײַלט — און אָט דערזעט שוין די אייגענע... נו גוט,
מע לויפט אים שוין אַנטקעגן, די „צונג״ מע נעמט אַראָפּ,
די „צונג״ איז גאַנץ, דער יאַט נאָר אין בלוט דאָך גייט ער אָפּ,
צוויי טעג איז ער באַוווסטלאָז געלעגן — און דערוואַכט,
דערוואַכט און זיך דערקרעפטיקט צום לעבן און צום שלאַכט.

# ווייל הארץ...

ווייל הארץ און מי אין אלץ, וואָס מיר האָבן געבויט!
אָן אונדז וואָלט וויכט געווען די וועלט, וואָס לעכצט נאָך פרייַהייַט,
און זיי — זיי פרייט אפּ אלדאָס לעבעדיקס ארויפֿזעצן דעם טויט,
פּארוויסטן אונדזער מי, צעטרעטן — וואָס אונדז טייַער.

דאָס וועט ניט זייַן! אפּ לאנג, אפּ אייביק שוין מיר זייַנען דאָ,
און מערדער וועלן ניט זייַן אונדז קיין באפעלער!
די כייַע רויבט, זי פרעסט אַרייַן, די כייַע האָט א כייַע-שאָ,
נאָר וואָס זי גרעסער ווערט — ווערט דער אויסגאנג שמעלער.

ס׳א פרייַע ערד בא אונדז, געשניצט, געבויט לויט לעבנס שניט,
און סטאלינס פלאמיק הארץ סע טוט דאָ שלאָגן,
פֿון אלע אופשטייַגן דעם פאָלקס מע זעט דאָ אָן די טריט,
ס׳א שטאָלצע ערד, זי וועט קיין יאָך ניט טראָגן!

דאָס גרויסע לאנד געמייַכטערט האָבן מיר פאר אונדז אליין,
און נאָר פאר אונדז — אזוי-אָ פּרעכטיק-בלענדיק!
ס׳וועט ריידן הייס מיט אייַך א יעדער שטומער שטיין,
ביז מיר וועלן אייַך אָפּמעקן אפּ שטענדיק!

1941

## די טרעפּלעך

אין דרויסן איז פרילינג — און דאָך איז ניט פריילעך,
אָט קומען אָן קינדער, ווי קראַנקע, פּאַמעלעך,
פון צווישן די כורוועס, פון אונטער רויִנען,
זיי קוקן מיט זאָרג אף די ערטער, וואָס גרינען,
די זון אָבער רופט זיי, אין דרויסן זי ציט!
א בלימל שלאָגט דורך זיך אין ברוכווארג און קניט,
און קְרימט זיך, נאָר גרינט מיטן זאַפּטיקן גרינס
און שטרעקט צו דער זון אויס איר קערפּערל דינס.

און אָט קְריכט ארויס א פאַרווילדעוועט קעצל,
א ניס טוט עס הארב, צווישן קינדער סע זעצט זיך...
און אָט קומט א הונט מיט א פעל א צעשינדטער,
ער טרייסלט זיך אָפּ און גייט אויך צו די קינדער.
און שפּעטער איינעם צום אָרט גייט מען צו —
ווּ פריִער געווען איז די שטאַל מיט דער קו,
דאָס קעלבל, די הינער, די כאַזערלעך-ברעקלעך,
געווען איז דאָ פריילעך —
און איצט איז דאָ שרעקלעך,
די אויסוווּרפן האָבן די הינער פארשלונגען —
אָט ליגן פון זיי נאָך די פעדערלעך גרינגע.
און דאָ איז די קו מיטן קעלבל געשטאַנען —
אצינד איז פון זיי דאָ די טלאָ נאָר פאַראַנען.

און ווײַטער צו איינער א כורווע מע קומט —
איין טרעפּל נאָר שטייט דאָ, ס'איז ווײַס און באַבלומט,
פאַרשטיינערטע בלײַבן די קינדערלעך דאָרטן:
אָ-דאָס איז געבליבן פון קינדערשן גאָרטן...

און דאָ האָבן קינדער דערמאָנט זיך אין אלץ
און צוגעשפּארט האָט זיי א לידל צום האלדז:
דאָס לידל פון ליבע צום היימלאנד — דער מאמע.
זיי האָבן געפּרוּווט עס א זינג טאָן מיסטאמע,
און דאָס האָבן מערדער דערהערט און געקומען,
די קינדער פּארכאַפּט און זיי שלאָגן גענומען.
איצט מאָלט איר זיך אויס, וואָס דער וועלט וואָלט געשען,
ווען ס׳וואָלט אונדזער רויטע ארמיי ניט געווען?!

## שטאַרקײַט

דער פעלדז איז שטאַרק —
נאָר שטאָל שפּאַלט פעלדזן.
דער שטאָל איז שטאַרק —
דער פלאַם דאָך שמעלצט אים.
דער פלאַם איז שטאַרק —
נאָר ס'וואַסער שלאָגט אים.
דאָס וואַסער איז שטאַרק —
דער וואָלקן דאָך טראָגט עס.
דער וואָלקן איז שטאַרק —
נאָר ווינט צעיאָגט אים.
דער ווינט איז שטאַרק —
דער מענטש דערטראָגט אים.
דער מענטש איז שטאַרק —
דער טויט — ער בייגט אים.
דער טויט איז שטאַרק —
דער רום אָבער לייגט אים.
דער מענטש, וואָס דינט
דעם פאָלק אין נויט —
דער מענטש איז שטאַרקער
פונעם טויט!

1942





# די רייד פונעם אומאנער מיידל
# מאלקע דודניק

## דאָס וואָרט וועגן ניי־זייַן

ווי פארכאפנדיק איז דאָס געפיל
פון זייַן באנייַס!
איידלער פון דער הייך פון רויזן,
שארפער פונעם שווערד דעם בלויזן,
כעדוועדיקער פונעם לאָשעק
אפן זונענדיקן פליין,
און אנדערש נאָך —
מיט עפעס גאָר א פליגלדיקן כיין,
וואָס פלעט און פלעפט און אייניקט
און איינדערלופטן רייַסט —
אזא איז דאָס געפיל פון זייַן באנייַס!
נאָר מיר איז דאָס ביז וויטעק ווייניק.
איר זאָגט, איך פלעג דערציילן שיין,
פון וואָס באשטייען

די פֿליגעלעך בא די ליבעלן;
אַז איך פֿאַרטײַטשן פֿלעג דעם סאָד,
ווי ס'קלײַבן זיך אַרום אַנטקעגן שטראָם פֿון וואַסערפֿאַל
פּאָרעלן;
אַז כ'האָב געהערט, ווי גראָזן שושקען זיך,
בײַס זײ וואַקסן,
און ווי עס דרייען זיך די זון-בלומען
אַרום די אַקסן;
ווי פּאָזעמקעס צעלאַכן זיך,
ווען פּאַרטיקע זײ ווערן,
ווי נאַקעט פּילן זיך
די פֿרישע מערן,
און אַרויסגעשטויסענער פֿון שויט
דער באָב —
דאָס אַלץ איז אויסגעהוילט שוין פֿון מײַן קאָפּ.
איצט איז פֿול מיט סאַם מײַן בלוט,
מײַן האַרץ איז דורך און דורך געשטאָכן,
און יעדער וואָרט מײַנס
פּרוּוו איך, ווי מע פּרוּווט אַ רוט,
ביז זי האַלט ניט אויס און ווערט צעבראָכן.

מיר שטייט אין האַלדז דאָס ווײ-געשריי
אין יענעם בלײַיקן פֿרימאָרגן,
ווען לײַט אין הענטשן ווײַס ווי שניי
די קינדער לויט אַ רײ האָבן געוואָרגן.

## דאָס וואָרט וועגן דער שוווּע

כ׳בין איינע געבליבן פון זיבעצן טויזנט,
איך זאָל אייַך מיט זייערע שוווּעס באַשווערן:
„ייִדן, זעט אונדזער פּאָטערלאַנד היטן
און לאָזט עס ניט קיינעם צעשטערן!״

כ׳בין איינע פון זיבעצן טויזנט געבליבן,
פון אָטעם פון לעצטן צו לאָזן אייַך וויסן,
ווען מ׳האָט אונדז צום אָפענעם קייווער געטריבן,
ווי האָבן מיר טיף אונדזער ווייטעק פאַרביסן:

„ניט קלאָגן! זאָל אונדזער געביין דאָ ווערן די שוווּע,
מיט וועלכער ס׳וועלן זיך דורותס באַשווערן,
צו האַלטן די שווערד אינעם שוווּנג און ניט רוען —
ביז איינמאָל פאַר אַלעמאָל ליכטיק וועט ווערן!״

באַם ברעג פון דער גרוב, ווען מיר זייַנען געשטאַנען,
דאָס שיינע, דאָס ליכטיקע לעבן פאַרלוירן,
און האָבן זיך איינס מיטן צווייטן געזעגנט,
דאַן האָבן מיר איינער דעם צווייטן באַשווירן:

„אויב איינער פון אונדז וועט נאָך בלייַבן באַם לעבן,
דאַרף דער באַ די לעבן־געבליבענע מאָנען
אין נאָמען פון אונדזער דערהאַרגעטער איידע:
ייִדן, בלייַבט טרייַ די סאָוועטישע פאָנען!״

איז מאָן איך: שנייַדט אויס אָן ראַכמאָנעס דאָס פּסוילעס,
אַז יעדער זאָל זייַן אונדז אַ בויער, אַ קעמפער,

ווײַל יעדער פּאו טויזנטער קדושים אַ קויל איז,
פאר טויזנטער בויער ער בויט און ער ענטפערט.

דער קויעכ, וואָס מאכט נײַע נעגל מיר וואקסנ
אָנשטאָט די צעפּלאצטע באַם קריכנ פונ קייוועך,
דער קויעכ טוט אלצ, אז דאָס פאָלק זאָל צעוואקסנ,
ער היילט און דערפרישט און באנײַט יעדער אייוועך.

עס קומט צו דער פרוי אָנ די צײַט פונ געווינענ,
פאר פלאנצונגענ נײַע זי זאָרגט און זי גרייט זיכ,
און איכ האָב באַם גרוב זיכ פארקנאסט מיט מײַנ אומע —
און דאָס, וואָס איכ זאָג, איז מײַנ קינד און מײַנ טרייסט אײַכ.

## דאָס וואָרט צו די פאַרשטעלטע

איר ווייסט, אַז מע האָט מיך דערהאַרגעט,
און פּלוצעם, אומדערוואַרט —
כ'בין דאָ! איר שטוינט, איר וואַרגט זיך,
איר האַלט — כ'האָב אָפּגענאַרט.

איר האָט מיך גוט באַגראָבן
און באַלד מײַן הויז באַדײַטשט,
מײַן בלוט ניט אָפּגעשאָבן —
און איך בין דאָ גאָר — סטײַטש!..

כ'בין דאָ, און איך וועל זײַן ערשט,
מיט יעדער זון כ'גיי אויף,
מיט יעדן זיג געדיי איך,
און שטײַג, און וואַקס אַרויף.

קיין טויט וועט מיך ניט טייטן,
דאָס לעבן קען באַשטיין!
און ווער ס'זאָל מיך ניט טרעטן —
איז טרעט ער זיך אַליין.

כ'בין פֿרײַ, כ'באַהערש די וווּנדן,
און ריין וועדט מײַן געדאַכט.
די קויכעס זיך צעבונדן,
מיט פּרוכפּער פֿול מײַן טראַכט.

כ׳וועל ווײַטער טראָגן פֿײַער
און ווײַטער האַקן האָלץ,
און מיט דער וועלט דער פֿרײַער,
מיט קינדער זײַנען כ׳וועל שטאָלץ.

און איר, די קנעכט פֿון געצן,
פֿון אויבן ראָזיק-ריין,
איר זײַט אין האַרצן קרעציק —
דאָרט הוילט אונדזער געוויין...

# דאָס וואָרט וועגן עטעלען

איך שווער פאַרגעדענקען ביז צו יענעם טאָג,
ווען שאָפּטים וועלן מישפּעטן די שלעק די לעצטע,
איך שווער א וואָרט פאַרוואַרפן מיט דער פולער וואָג
פאַר אָט דעם קינד פאַרפּייניקטן, פאַרהעצטן.

פאַר איר, דעם שוסטערס עטעלע, מיטן קלאָרן שטערן,
וואָס מ'האָט צום אכטן יאָר געשפּאַנט זי אינעם שפּאַן דעם שווערן:
זי אָפּגעשיידט פון ליאַלקעס, מיט זאָרג פאַרשטאָפּט איר קאָל,
און אַף די פּלייצקעס אָנגעטאָן פון אלטן פאָלק דעם אָל.

ניט עטל הייסט זי מער, ניט עטל מיט די כיין־פינטלעך די שווארצע,
נאָר „יודע" רופט זי אָן דער פּיינט, „יודע הונט".
שוין פיל יאָרהונדערטער זי צאַפּט פון קריסטן, זאָגט ער, בלוט אַף מאַצע,
און ווירקט אין דעם אַלוועלטלעכן באַנקירן־בונד.

דערפאַר באַהאַלט זי זיך אַצינד אין וועלדער, גריבער,
פון מענטשן־כייעס ניט געכאַפּט צו ווערן און געטייט,
באַנאַכט מיט קינדער אַנדערע אין פיבער־שרעק זי גייט,
צו רוסלאַנדס זייט זי גייט נאָר, קאָן די דייטשן ניט אַריבער.

איר קאָפּ, איר האַלדז—באַזונגען און באַמאָלט אין שיר־האשירים,
געשלאָגן זיינען זיי מיט קרעצ, און נאָר די טרוימענע אירע,
זיי זוכן אין דעם מאַבל, ווי די טויב פון טייווע,
א שטיקל טריקעניש. פון אויג איר שמאָלן קוקט דער „האַקויל העוועל".

ניין, ניין, דאָס קען איך ניט, דאָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן,
ניט מיט טרערן, ניט מיט קלאָלעס לאָזט זיך אויסמעסטן די פּיַין.
קום אַפּ די הענט צו מיר, צום האַרצ מיַינעם דיך פּרעסן,
עטל, קליינע עטל, אוי, וואָס ס'האָט געמאַכט פון דיר דער פיַינט!

ער האָט פאַרמיַ'סט די וועלט אין דיַינע אויגן,
ער האָט איר פּאָנעם, ווי דיַין מאַמעס, מיט געשוויר פאַרצויגן,
צי קען איך זען, מיט וועלכן בליק דו קוקסט אַפּ איר?
דערלויב מיר, עטעלע, די וועלט פאַרענטפערן פאַר דיר...

## דאָס וואָרט וועגן יוזיקן

אין דער דײַטשער צײַטונג האָב איך אויסגעלייענט
א דיכטונג וועגן אײדעלע געפילן,
און ווידער צאָרנט אויף מײַן הארץ און וויינט
און קען זיך אלץ ניט שטילן.

די דיכטונג האָט די ליבע צארט אזוי באפליסטערט,
א קינדער-בליק, א מאמעס שמייכל...
א בראָך צו דיר, דו דײַטשער גראמען-גיסער—
זערע פון רעציכע און פארשוועכונג.

די געטאָ האָבן זיי מיט פאָסטנס אָפּגעצאמט,
די גאסן, געסעלעך — מיט נאפט באגאָסן.
דאָס טויטס און לעבעדיקס אוועקגעשענקט דעם פלאם,
און ווער פון פלאם אנטלויפט — ווערט ניט דערשאָסן,
נאָר ווערט מיט נאפט באשפריצט און אָנגעצונדן:
דער טויט זאָל פארביק זײַן און רײַך מיט פּײַן.
דאָס ברענענדיקע לויפן זאָל — אַז אויסטערליש בייז-וווּנדער —
און זאָל זײַן גוואלדעוועס אין יעדער שפאלט ארײַן!

די פּײַערלעשער מיִען זיך מיט פעסלעך און מיט שלענג,
נאָר ניט קיין פּײַערלעשער זײַנען דאָס — נאָר פּײַער-צינדער!
מיט נאפט באגיסן זיי די הײַזער און די גענג
און יעדער שפאלט, ווו ס׳קענען זיך באהאלטן קינדער.

אינמיטן פּײַער-שטורעם שטייט אַן אלטער מויער,
געהיט פון פלאם — ווײַל נאָכדעם גייט א מיל,
אין פלאָנטער-שטיבלעך פון דער אלטער בויונג,
אין שפאלט פארהוילן, צווישן סקלעפּ און דיל —

א קנויל פון מוטערס, קינדער האָט אַרײַנגעקוועטשט זיך
און קומט דאָ אָפּ דעם דרײַצנטן מעסלעס,
אין גרויסער טויט-שרעק פאַר אַ דײַטשן מענטשן,
מיט דול-צעהיצטן ווערטן אָפּ אַ נעס.
אַרום דאָ פלאַקערן די הײַזער, גאַסן,
יעלאָלעס פון געברענטע לײַט די הערצער ברעכן אײַן.
און דאָ — מע צאַנקט, מע פּאָכט, מע לעכצט אַ טראָפּן וואַסער,
דורך אויסגעגלאָצטע אויגן יאָמערט, ברעכט די פּײַן.

די ערשטע טעג איז יוזיק אָפּ דער מאַמעס שויס געזעסן,
און ווי דער מאַמעס בליק האָט יוזיקס בליק געהעלט.
אַפילע, ווען ס'האָט שטאַרק געפּײַניקט אים אַ טרונק, אַן עס טאָן —
האָט אויך נאָך ליכטיקייט פון אים געקוועלט.
באַנוגט זיך מיט אַ צוקערל און מיט דער מאַמעס צערטלען,
געררוימט אין אויער האָט ער יעדערן דעם סאָד:
ווי ער וועט מיטן רויטאַרמייער אויסכאַפּן די מערדער
און ברענען זיי — ס'וועט אים גאָרניט זײַן קיין שאָד...

און איצט ליגט יוזיק הויל, פאַרדרייט אין קראַמען,
דער ווייכער שאַרבן האַלט ניט אויס דעם יאָם פון היץ —
ער רײַסט די האָר זיך, רײַסט די האָר דער מאַמען,
ער דרייט זיך, הייבט זיך, וואַרפט זיך, שמיצט.
— אָט וועל איך, מאַמע, זיך אַזוי צעשרײַען,
אַז דײַטשן זאָלן קומען אונדז צום פײַער נעמען... —
די יונגע מוטער האַלב־מעשוגע שווײַגט — זי קנײַפּט זיך,
זי כאַפּט דאָס קינד מיט לײַב דאָס מויל פאַרקלעמען.

די מאַמע גייט באַנאַכט אַרויס פון ענגן שפּאַלט
צום סרייפע-פלאַם, וואָס שטראָמט ווי בלוט געדיכט און רויט.
זי טראָגט דאָס טויטע קינד. אַזוי האָט זי געשפּאַנט,
ביז ס'האָט דער דײַטש זיי ביידע נאָכאַמאָל געטייט.

## דאָס וואָרט וועגן קינדער

זײַט מיר מוחל, וועלדער איר פארקוילטע,
שטעט אין אש, קוואלן איינזאמע אין מאָך,
וואָס איך באוויין ניט אײַער בראָך!

אמאָל, אין מינדסטן קאָרנבלימל,
אין פינטל בלוי—פלעג איך זען דעם הימל.
די ערד, מײַן גאנץ באזיץ —
וואָס זע איך איצט?

אָט קומען אָן פון אונטער פניאָקעס,
פון וואלד פארקוילטן, געקוילעטן און קרומען,
קינדערלעך פון אומאן —
דער קריִע-ריס פון אונדזער אומע.

אלטע פארשרומפּענע פּענעמער,
די אויגן — לעכער אָפּענע.
זעקס-זיבניאָריקע קדושים
פון די טויט-גריבער אנטלאָפענע.

צוויי יאָר נאָכאנאנד
מיט די נאָרע-ברויִמ אין וואלד,
אז מע טיילט זיך:
מיט דער שרעק פארן יעגער,
מיט דער נאָרע און זומפּ צום געלעגער.

אָן טאטע־מאמע און פרײַנט
די פּײַן פון פארפאָלגונג געטראָגן,
אָט שטייען זיי, וועלט, פאר דיר הײַנט
אוןווארטן — וואָס וועסטו זיי זאָגן...

## דאָס וואָרט וועגן יאַניקן און יולקען

דער פינפיאָריקער יאַניק
פון דער מישפּאָכע אָלשוואַנגער,
ווי איז ער בײַגעשטאַנען
איינער אַליין דעם געראַנגל?

ווען דער דײַטש האָט געיאָגט זיך
יאַניקן כאַפּן,
דעם קאָפּ אים אין דער וואַנט
ווי די אַנדערע קינדער צעקלאַפּן,
האָט יאַניק אינמיטן דער גאַס
בעקיוון זיך אויסגעצויגן,
און אַ מוירעדיק כאַלאַס
האָט אַרויסגעגלאָצט פון די אויגן:
אַ שוים האָט געזעצט פון זײַן מויל,
די הענט אין דער ערד געשלאָגן,
אַז ס'האָט דער דײַטש פון גרויל
אַפּגיך זיך אָפּגעטראָגן.

ווען ס'האָט דער קאָפּ אים געברענט
אין סעקרעט, ווו ער איז געלעגן,
דרײַ מעסלעס האָט די היץ, ווי אַ פּרענט
אַ צעגליטער, געפּלעט אים, געברענט,
און וואַסער — קיין לעק ניט אין קריגל,
האָט ער אַרופגעלייגט די הענט
אַפן מויל און ניט געשריגן,
אין האַרצן די מאַמע געטרייסט,
זיך געטוליעט אין ווײי אין שטומען:

„זי וועט קומען קיין אומאַן,
די רויטע אַרמיי, זי וועט קומען...״

און יולקע!
זי איז נאָך געווען אַזוי קליין,
ווען מ׳האָט זי מיט אַלע צוזאַמען
אין גראָבן אַרײַנגעטריבן פֿאַריאָגט,
אַז זי האָט דער מאַמען געזאָגט:
„נו, לאָמיר זיך לייגן באַקוועם, אײַנײַנעם,
אין אַ ווינקל אַ ריינעם!״
און באַלד, אין מיסע-מעשונגע-קלעם,
אין וויסטן צאָרן —
איז דאָס קינד מיטאַמאָל דערוואַקסן געוואָרן.
ס׳האָט געשטופּט זיך, געדרענגט זיך פֿאָרויס,
דורך לײַבער, דורך אַלע גויטן
צו לופֿט און צו שײַן, צום דרויסן אַרויס —
און געהאָלפֿן דעם האָבן די טויטע,
דער קנויל פֿון פֿאַרפּײַניקטע לײַט,
אין גסיסע, מיט בלוטן פֿאַרזאָמענע.
דער קנויל האָט געשטויסן דאָס קינד
צו דיר, וועלט, מיט דיר צו אָטעמען!

## די קלאָג פון פוילישן יינגל

איר, מייליץ-יורישערס, אדוואָקאטן, איר!
וואָלט אינמיטן מיירעוו-וועלט געוועו א טיר,
וואָלט איך אזא מין פראל געטאָן מיט איר,
אז דער געוויסן פון געוויסע, וואָס באהאלט זיך מיעס,
וואָלט עפשער אופגעשטעלט זיך אפ די פיס!

אז די טויטע וואָלט עס אופגעכאכט פון שלאָף,
אליין זיי זאָלן אויסקלייבן די שאָפטים,
אליין דאָס טויט־געביין זאָל האלטן די באשטראָפטע,
אליין זיי זאָלן אויספירן די שטראָף.

איר, וואָס האָט אין אונדזער פיין געזען אייער גליק!
איר, וואָס האָט דאָס אלץ געזען און גלייך ווי גאָרניט איז געשען!
מיין בליק וועט אייביק מאָנען: גיט מיר אָפ מיין פאָלק צוריק!
כ'וועל אייביק זען אפ אייך מיין צומעס הויט אוןביין!

ווינ, הארצ מיינס, ווינ,
כ'וועל דיך ניט איינעמען מיינ.
אפילע אז וואסער גיסט זיך,
רירט עס דעמ שטארקסטן שטיינ.

איך בינ א פוילישער, א פאָליט,
אינ מלאוו האָב איך געוווינט, באמ שליאכ,
א האָלצ-טאָקארניע האָט פארמאָגט ביינ טאטע,
און איך בינ אויך פונ זעלבנ פאכ.

ווען ס'איז געשען — בין איך אוועק קיין לעמבערג
און בא א באלעגוף געוווינט,
פארשטעלט, אלס קנעכט, אלס כוילע-נויפל,
און שטיל מײַן קלעמעניש געצוימט,
ווײַל טאָמער דעקט זיך אוף דער עמעס,
אז איך בין איך — איז אויס מיט מיר.
דערום האָב איך געהיים געזוכט זיך ארבעט
וואָס נעענטער צו רוסלאנדס טיר.
איז איינמאָל אָוונט קומט מײַן באלעבאָסטע
און פאָשעט, אָן א מיין, זי זאָגט:
— איך האָב דיר דײַנע העמדער שוין צעוואשן
מיט יידן-זייף, נאָך הײַנט באטאָג.
— מיט יידן-זייף... וואָס רעדט איר?..
— פון בעלזשיץ האָט מען זי געבראכט...
קיין בעלזשיץ טרײַבט דער דײַטש די יידן,
און זייף פון זיי ער מאכט.

ווײַן, הארץ מײַנס, ווײַן,
כ'וועל דיך ניט אײַנעמען מיין.
אפילע אז וואסער גיסט זיך,
דירש עס דעם שטארקסטן שטיין.

## דאָס וואָרט וועגן אניא גריב

לייד געבראָטענע, לייד פארזאָטענע, שטומע לייד,
א וועלכע יאַם-טיפּ איז צו אײַך געגליכן!
ניט מיט שפּרוך צו שטילן אײַך, ניט מיט טרייסט-גערייד,
ניט איבערשרײַען אײַך מיט שופרעס פון יעריכוי.

איז די יונגע אניא גריב געשטאנען פארן קאָמענדאנט,
די אויגן אָנגעשטעלט אף אים, די גרויסע, בלויע,
די קינדער אירע מאָנט ער, אירע קינדער ער פארלאנגט,
איר וואָוועס און מאַרינעס פונעם יידן אָשער קויהען.

אירע קינדער מאָנט דער דײַטש ווי זײַנס, איר לײַב און בלוט,
אין אָשערן געראָטענע, איר וועלט מיט פריידן,
— מאמע, ווער האָט מאכט געגעבן אָט דעם מערדער מיטן רוט
אונדז פּײַניקן, אונדז מאָרדעווען און אונדז צעשיידן?!

געלעבט האָט א געזינד אין פרײַנטשאפט, אייניק ווי א ליד,
ניטאָ קיין העכערס בא די קינדער ווי דער טאטע,
די בענקשאפט זייערע איז ער, זייער שפּיל-פרײַנט, זייער שטאָלץ געמיט—
א שלאכטמאן איז ער איצט, אין קריג, בא די הארמאטן!

אניא שטייט פארשטיינט און האָט קיין וואָרט ניט פארן קאָמענדאנט...
אן אנגסט באשלאָגט זי — אירע קינדער אין סאקאָנע!
אָנגעשטעלט די אויגן גרויסע פול מיט וויסטן בראנד,
זי שטייט מיטן געהענעם — פאָנעם קעגן פאָנעם.

שרײַען זאָל זי, וויל ער, וואלגערן זיך, רײַסן זיך די האָר!
ער מאָנט די קינדער אירע — גיב אים אפּן פײַער!
— בוק זיך, אומגליקלעכע פרוי, וועסט רייַן פון יודן-דאָר,
אף אייביק וועסט באדײַטשט די ערד, דאָס הויז און שײַער!

און מיט כויזעק טײַט ער מיט זײַן הארטן פינגער אף איר בויך:
— און דאָס דערטראָג און נאָכדעם באלד צו מיר עס ברענגען,
און לויט א קוויטונג אָפּגעבן דאָס קינד דאָס דריטע אויך.
פארשפעטיק ניט, דערפאר קומט הענגען...

ער האָט צונויפגעשלעפּט די קינדערלעך, דער קאָמענדאנט,
אין הויף פון שול, און יונג און אלט צונויפגעטריבן.
אוועקגעשטעלט זיך מיטן זייגער אין דער האנט
און פּונקט אָן זיבן מינוט זיבן —

עס האָט א שײַטער אופגעפלאמט לויט זײַן באפעל,
און זײַנע לײַט האָבן אין פלאם געשמיצט די קינדער.
וויי, די קינדערס, מוטערס גוואלדן! ווי דער וועלט!
די זעענדיקע מאכט עס בלינד און זעענדיק די בלינדע!

די דײַטשן האָבן אָנגעקוועלט פון זיך, פון דעם געשריי,
די מאמעס האָבן זיך אליין אין פלאם געריסן,
און דול פון אומגליק — אָנגעפאלן אף דער פּאָליציי,
צום פלאם געשלעפּט, בלוטיק-אײַנגעשפּארט, פארביסן.

און נאָך די קינדערלעך האָט אניא זיך געלאָזט אין פלאם,
נאָך זייער לעצטן בליק אין פײַער זיך געצויגן.
און דול פון פּײַן האָט זי א קער געטאָן דעם קאָפּ צום קאָמענדאנט
און זיך מיט אים באגעגנט מיט די אויגן.

— אָט דאָס זאָל בלײַבן דאָ?! — האָט זי דער גרימצאָרן געטאָן א הייב, —
אָט דער זאָל בלײַבן דאָ, און אָשערס קינד זאָל שטארבן?!
אָ-וויי, ניט דערלעבן זאָל ער עס! א קינד איך טראָג, איך לעב
צוליב מײַן אָשערס קינד, די מערדער צו פארדארבן...

און אניא טוט א טריט צוריק פון פלאם און פאלט,
די אויגן צו, צום קינד אונטערן הארצן צוגעהערט זיך.
— נאָך הײַנט, נאָך הײַנט אוועקגיין צו די אייגענע אין וואלד.
ניט רוען, ביז דאָס פריערדיקע ווידער קערט זיך...

## דאָס וואָרט וועגן אומקערן זיך

...ס'וועלן זיך די איינציקע פארבליבענע באווייזן
פון דער וואלד-געדיכטעניש, פון די בלאָטעס, זומפּן.
שאָרכלאָז, א פארקרימעניש פון מענטשנס אויסזען,
ארומגעהאקטע פּניאָקעס, איינגעשרומפּן.

יעדע מוירע פארן טויט און פארן הונגער
איז אויסגעהוילט פון זיי, יעדער גלוסט פון לייב
דערקוויקן און צו זיין דערקוויקט — איז אויסגעסארפּעט,
אָט דאָס איז לייב? ס'איז נאָר פון עפּעס א פארבלייב!

און נאָר די מויכעס לעבן נאָך, מעשונע קראנק
גלייבן זיי, מעשונע שטעלן זיי זיך פאָר די וועלט.
און ווען עס קערט זיך אום א לויטערער געדאנק,
בענקט ער, גארט, און נאָר איין ווונטש פאר זיך ער שטעלט:
יענע בעסטיע צו פארדארבן,
אנדערש, אנדערש האָט קיין זין ניט שטארבן...

פריינט מיינע, שיר פארפייניקטע!
געדענקט אין די, וואָס לאָזן זיך ניט בייגן.
די, וואָס קומען ביי די פיין און בלייבן ריין.
רירט זיך אָב אין זיי מיט אייער קראנק געביין
און אייך וועט ליכטיק ווערן אין די אויגן —
און איר וועט מיט די לעבעדיקע גיין!

# דאָס וואָרט וועגן מײַפּעלד

אָט דאָס איז דער קאָלכאָז פֿון מײַפּעלד, וווּ די ייִדן
באַוויזן האָבן וווּנדער מיטן ווײַנשטאָק אינעם סטעפּ?!
פֿון הינטער ווילדער ערד דערטאַפּט דאָס וואַסער און באַלעבט
די שטעכנס מיט הורטנס שאָף, מיט קעלטערס ווײַן, מיט לידער?

און איצט — די הייסע כוואַליעס שטויב אין פּאָנעם פּאָכן,
דער טרוקענער קורײַ באַפֿאַלט די פֿיס און שטעכט.
ס׳איז מײַפּעלדער קאָלכאָז? — דאָס האַרץ איז אײַנגעבראָכן,
אין בראָך ליגט אונדזער מי, פֿאַרשעמט איז אונדזער רעכט.

מע ברענגט אונדז קיבעד — ווײַנטרויבן אַ קויש אַ גאַנצן,
די ענגלען ערשט פֿון ווײַנשטאָק צונויפֿגעשלאָגן אין אַ קאָן,
דאָס דריטע יאָר שוין, אַז זיי קומען אָנעם בײַזײַן פֿון די פֿלאַנצער,
מיר קוקן אַף דער טרויבן־פּראַכט און רירן זי ניט אָן.

אָט דאָס איז אונדזער ווײַנגאָרטן? מיר בלײַבן שטיין אינמיטן:
— אָט דאָ האָט מען געטייט די מײַפּעלדער אַליין,
אין וועגן דאָ צווישן ווײַנשטאָקן זיי ליגן דאָ פֿאַרשיטע,
פֿאַרשניטענע מישפּאָכעס, גרויס און קליין.

מיר שטייען שטום, די הייסע כוואַליעס לויפֿט אין פּאָנעם שמײַסן,
דער טרוקענער קורײַ — ער פֿלאָנטערט זיך און שטעכט.
אין אונדזער ווײַנגאָרטן מיר שטייען — ניט קיין פֿרוכט מיר רײַסן,
עס רײַסט זיך אונדזער האַרץ אַף מײַרעוו אין געפּעכט...

## דאָס וואָרט וועגן פרײַנטשאַפט

אַף נײַנציק קילאָמעטער ווינטערדיקן וועג
איז וואַסיליסאַ קאַרפּאָוונאַ אַוועק אין זאָרגן
צו זען זיך מיט אַ מענטש, וואָס לעבט אין שרעק,
מיט מאַלקאַ גערשאָוונאַ, וואָס לעבט פאַרבאָרגן.

כאָטש וואַסיליסאַ קאַרפּאָוונאַ באַווײַנט אין סימפּעראָפּאָל
אַ שטיבעלע פון ווײַסן שטיין, פון גרינס פאַרכאַפּט,
און איבער דעם האַלט וואַך אַ מעכטיק־הויכער טאָפּאָל,
דאָך האָט עס ניט פאַרהיט זי איינמאָל פון אַ קלאַפּ...

זי פילט דעם קלאַפּ ביז הײַנט, כאָטש קינדער צוויי פאַרמאָגט זי,
צוויי טײַערע, דאָס האַרץ מיט זיי זיך קוויקט.
און דאָך דער מאַן... אַף אים, אַף זײַן געליימטקייט קלאָגט זי,
אַ שווערע קרענק האָט אים צום בעט געדריקט.

דאָס לעבן גייט פאָרויס, סע וואַקסן אויף די קליינע,
עס העלפט די שול, דער ראַט, די שיינע צײַט,
אין הויף לעבט מאַלקאַ גערשאָוונאַ און נאָך פיל שכיינים,
צום קינד מע כאַפּט אַ קוק, אַ טאָפּ אַמאָל מע לײַט.

סע שפּאַרט אַ גרויס געדרעטעניש, עס גייט צו שניט...
און דאָ פאַלט אָן דער דײַטש און מאַכט אַ טאַכלעס;
ער טייט אין העלן טאָג, ער טיילט אַף קריסט און ייִד,
און טליִעס שטעלט, און רויבט קאָלכאָזנע נאַכלעס.

האָט אויך זיך מאַלקאַ גערשאָוונאַ געכאַפּט,
געמוזט זיך מיט איר קינד אין קעלערס האַלטן.
האָט וואַסיליסאַ קאַרפּאָוונאַ פאַר איר אַ פּאַס דערטאַפּט
און אָפּגעשיקט זי אין אַ דאָרף אַן אומבאַקאַנטן.

איצט גייט זי זיך צו זען מיט איר און העלפּ איר ברענגען,
מיט זאַכן אַפּ צו בײַטן, מיט אָפּגעשפּאָרטער שפּײַז,
אין שווערן זאַק געשפּאַנט, אין שטריק אין ענגען,
געבויגן אַפּ פּאָדויס די פרוי אין בלאָטע שפּרײַזט.

דאָס פערטע מאָל שוין גייט זי אָט דעם וועג באַלאָדן,
דאָס פערטע מאָל שוין! די נײַנציק קילאָמעטער גייט,
און דאַנקען גאָט, פון אַלע זײַטן גייט דעם דײַטש אַפּ שאָדן,
און מאַלקאַ גערשאָוונאַ דערלעבן וועט די פרייד!

## דאָס וואָרט וועגן פּערוואָמײַסק

ווי די מאַמעס צו די קינדער רײַסן זיך דורך,
רײַסט זיך דורך אונדזער ביטערער צאָרן,
פּערוואָמײַסק, פּערוואָמײַסק, וואָס דו ביסט געווען
און וואָס פֿון דיר איז געוואָרן!

האָסט „ארעל" און „באַפּאָל" און „גאָלטאַ" געהייסן אַמאָל,
„אַש און פּאָרעך" איז איצטער דײַן נאָמען.
אַף דײַנע בריקן, ווו ס'האָט געשאַלט אונדזער קאָל,
האָט געברילט דער טויזנט מאָל מיִעסער האַמאָן.

בוג דער טײַך און דער טײַך סיניוכע,
פֿאַר וועלכע דו האָסט זיך געשפּאָלטן אַפּדרײַען,
פֿאַר ווייטעק זיי בײַטן די מאַרע, אין ברעגן זיי פּליוכען,
מע זאָל זיי פֿון כאַרפּע באַפֿרײַען.

הערסט, פּערוואָמײַסק, ווי עס קראַכט דאָרט? אונדזערע קלעפּ!
ס'איז ניט קיין בעניאָכיד דאָס פֿאָלק און ניט קיין ניגזל אין טרערן!
מיט ברידער גיבוירים אין גאַנג, מ'וועט מיד ניט ווערן,
כאָטש אין ווונדן די פֿיס, דאָך אין אָנגרים די קעפּ!

שטאַרק זיך, פּערוואָמײַסק, דײַנע קניפּלעך קראַפּט צעבינד.
מאָסקווע געדענקט דיך, זאָרגט פֿאַרדײַנעטוועגן,
שלאָגט זיך דורך אַ וועג צו דיר, ווי די מוטער צום קינד.
הייב זיך אויף, פּערוואָמײַסק, און קום איר אַנטקעגן!

1942

# דאָס וואָרט וועגן באַצאָלונג

נו גוט, מע וועט אָנטאָן דאָס פּאַרטעכ פֿון מוליער,
די שטוקאַטור-ברעט אַף די אַנטוואָפּנטע מערדער
און נייטן מיט גוואַלד זיי צו אופשטעלן אַלץ,
אַלץ, וואָס זיי האָבן צעשטערט אונדז,

הייסט עס געדעקט אונדז דעם שאָדן?!
נו, און דעם שאָדן — פּאַרוויסטע נעשאָמעס,
הערצער געבראָכענע, ייִעש פֿון מאַמעס,
וואָס האָבן שוין מער קיין נעכאָמע,

וויי פֿון פּאַריאָסעמטע זקיינים,
וואָס גויסן צום וואַנט מיטן פּאָנעם?
מיט וואָס קען עס ווערן געדעקט, אַז אויסער דער פּעל
פּאַרמאָגן מער גאָרניט קיין מענטשלעכס די סאָנים!

און מיט וואָס וועט מען צאָלן פֿאַר די,
וואָס פֿון זיי איז דאָס אָרט נאָר געבליבן,
דער לעצטער אויגנבליק נאָר, וואָס האָט זיך צו אונדז
אין הארצן אַף אייביק פּאַרקליבן?

אַז ס׳קען שוין אַפּילע מיט בושע ניט פּלאַמען,
מיט מענטשלעכער בושע דאָס סוינישע פּאָנעם.
מיט וואָס וועט מען צאָלן, אַז אויסער דער פּעל
פּאַרמאָגן מער גאָרניט קיין מענטשלעכס די סאָנים?

## דאָס וואָרט וועגן דער באָבעניו

טײַערע באָבעניו, ריינע נעשאָמע,
גוט, וואָס פון לאַנג שוין דו האָסט זיך געפּעלט,
אויסגעפּעלט האָסטו דאָס שרעקלעכסטע, ערגסטע,
אוועק אין דײַן רו מיט א בראָכע דער וועלט.

דו, וואָס דו פלעגסט פאַר די העפקער־הינט וויסטע
ווינטער־נאַכט לאָזן דאָס פאָדערהויז אָפן;
זאָלן נאָך היגטישע טאָג אַפּ דער קרירע
ווארעמע די נאַכט אין דער שטרוי איבערשלאָפן,

וואָלסט דאָך פון זינע אראָפּ, ווען דו זעסט נאָר,
ווי מע באַגייט זיך מיט מענטשן, מיט מענגען...
אוי, די געוואָלעס, די פּײַן, ווען דו זעסט עס!
שטראָף מיך, צי כ׳קען פאַר דײַן נאָמען עס ברענגען!

אוי, ווען דו זעסט! וואָלסט געטאָן ווי די זקיינע,
וואָס איז אליין מיט דער טאָכטער געבליבן...
און אין די טעג פון פּאַרטיליקן קינדער
האָט זי איר טאָכטער פון שטיבל געטריבן:
— גיי דיר אין וואלד, ווו די אויגן דיך טראָגן,
טאָרסט זיי ניט זײַן דאָ די „לעצטע פון יידן״.
גיי דיר, מיך טראָגן די פיס ניט, גיי, טאָכטער,
גיי אין וואלד, און דאָס הארץ זאָל ניט אופהערן זידן.

דו טאָרסט זיי ניט זײַן דאָ א „לעצטע פון יידן״.
גיי דיר, און איך וועל ניט לאָזן מיך פאנגען...—

איז די טאָכטער אוועק אונ פונווײַטנ געזענ;
מיט א שטריק איז די מוטער אינ קאמער געגאנגענ...

טײַערע באָבעניו, ריינע נעשאָמע,
גוט, וואָס פונ לאנג שוינ דו האָסט זיכ געפעלט.
אויסגעפעלט האָסטו דאָס שרעקלעכסטע, ערגסטע —
אוועק אינ דײַנ רו מיט א בראָכע דער וועלט.





## שטיי אוף פארטאָג

פויל זיך ניט, שטיי אוף פארטאָג, זײַ מויכל,
און הער די קראָען אינעם טאָל,
וועסט הערן, ווי איך ווײַט און הייכן
גרויסארטיק קלינגט דאָס ווידערקאָל,
דאָס יונגוואַרג שרײַט דאָס אלטוואַרג איבער,
דער שרײַ קלאפט אָן אין בערג, וואָס זעסט זיי ניט,
און שפרינגט צוריק צום טאָל אריבער
און ווערט אפ ברעקעלעך צעשיט.

פארטאָג, נאָך איידער זאכן נעמען דאשן,
הייבט אוף צומאלעמערשט דאָס קאָל —
אין פעלד, אין וואלד, באם טײַך — א שלאל נעפאשעס,
צונויפגעזונגענע אלע מיטאמאָל.

ווילסט הערן, זען, דאָס הארץ זאָל קוועלן
פון ראכוועס-שיינקײַטן דערקוויקט —
איז קום צום אָנהייב פון דער שטעלונג,
צום ערשטן טאקט פון דער מוזיק.

# אפן פייגל־מארק אין קארמאקול

(פון דער סעריע: „אין דער ארקטיק״)

דער בייזער יאַם איז קעגן אונדזער צוקומען צום ברעג,
צום פייגל-מארק אין קליינעם קארמאקול.
ער שמיצט מיט גרימצאָרן דאָס שיפל, פאטשט און שפייט מיט קלעק,
און פונעם מוירעדיקן פייגל-ראַש באַזונדערס דול, —
ער וויל אונדז נאָר צעשמעטערן אין שטיינער פון ברעג!

דער ערשטער כאַפּט זיך וואַניע אָן אין אָפּריס פון א שטיין,
און איידער נאָך דער שעד באַווייזט צו טון אים א פארשלונג —
איז שוין מיטביידע גייער אפן ברעג דער יונג
און האַלט אונדז קונציק אפן שטריק אזוי, אז איינ נאָך אייג
באַווייזן מיר צו טון צום ברעג דעם גוטן שפּרונג.

מיסטאָמ פאַרהיט דער יאַם אָ-דאָ א ווינקל פון זיין פּראַכט:
א שטיקל מאָרעשכוירע-ערד אין ווינטן-רייסעריי;
פון לעמינגן מיט שטיינפוקסן די אומגעשטילטע שלאַכט;
פאַרשטיינערטע אינזעקטן, נו, און פייגל-שרייעריי.
נאָר אומדערוואַרט האָט זיך פאַר אונדז א נייס גאָר אופגעמאַכט:

א שלאַל מיט גרינס! א שלאַל מיט גרינס אין דער מערינע-קעלט!
ראָמיאַניק-בלומען, ריזיקע, נאָר צוגעפּלעטשט צו דר'ערד,
ווי „אפּ פּלאַסטוניש״ האַלטן זיי זיך, איינס בא איינס פאַרשטעלט,
אנטקעגן די גאַזלאָנים פרעסט, וואָס קנאַקן אומדערהערט
און שרייען: „זאָלן פרישע בלימלעך גייען פון דער וועלט!״

דער איקער אָבער האָט אונדז דאָ דאָס רעטעניש דערשטוינט:
דער פייגל-מארק, וואָס הענגט איבערן אָפּגרונט פונעם יאַם

אפּ טרעפּלעך פונעם אָפּריס. יעדעס טרעפּעלע באַוווינט
א פויגל-פּאָר, וואָס קומט אהער פּארלענגערן דעם שטאַם.
אפּ קאַלטן שטיין דאָ פּיקט זיך אויס דאָס נײַס און ווערט אַנטווײַנט.

א שלאַל מיט קײַרעס-פייגל אפּן אָפּריס פון גראַפּיט,
גוטמוטיק-טאַמעוואַטינקע פּאַרטרויט דער וועלט מע פּײַפּט,
דעריבער, ווער ס'א כוואַט און ניט פון שרעקיקן געמיט —
דער לאָזט זיך אפּ א שטריק איבערן אָפּגרונט דאָ און קלײַבט
מיט א פּאַלאָניק אייער... און קיין פויגל שטערט אים ניט...

דאָס גרויסע איי געפּינטלטע, וואָס ליגט באַם ראַנד פון טרעפּ —
ווי פאַלט עס ניט, ווי האַלט עס זיך, אפּ וואָסער גלײַכגעוויכט?!
די ענגשאַפט איז דאָ מוירעדיק — גענוג איין קלײנער שלעפּ...
באַר ד'י, וואָס זיצט אויס אייפּעלעך, געהיטזאַם טוט איר פליכט, —
און אָט, א טונקל נעפּעשל. דאָס ציטערט, הייסט עס. ס'לעבט...

די טאַטע-מאַמע זוכן שפּײַז, דעם קינד אָן זיי איז קאַלט.
אָט קומען זיי, און ס'ציטערל זיך אונטער זיי באַהאַלט.
דער איקער אָבער שטייט דעם פּאָר דער ערשטער פּרווו — דער שפּרונג,
אָט יענער, ווען מע לאָזט זיך אָפּ, צום ערשטן מאָל מע פאַלט
פון הויכער טרעפּ אין יאַם אַראָפּ, אין קרירעדיקן שלונג.

## מיט סען קאטאיאמא* דורכ טורקעסטאנער מידבער

מיר האָבנ זיכ דערפילט גאָר אומגעריכט פונ זאמד געפאנגענ.
מע שמייכלט אונ מע שטוינט, אונ שוויס אונ אנגסט באשלאָגט:
דאָס זאמד-מאלכעס איז גרויס אונ עס פארנאָגט;
ווו זײַנען מיר? איג וואָסער אָרט פארגאנגענ?

אונ יענער, וואָס איז שווער איג וואָג צי גלאט מיט פעטס באלאָדנ—
פאר יענעמ ווערט דער איבערגאנג א פײַנ.
דו רײַסט זיכ אפ פאָרויס — נאָר זינקסט גאָר אײַנ.
אונ הילפלאָז קײַענ פיס דעמ זאמדיק-לויזנ באָדנ.

אונ סען קאטאיאמא, דער גרײַז, ווי א געוויקס נאָכ רעגנ,
א ציכטיקער ער שטייט אונ קוקט. מיר גייענ צו,
פונ הענט א „בענקל" מאכנ מיר פארזײַנעטוועגנ
אונ בעטנ זעצנ זיכ, מיר לאָזנ ניט צורו.

קימאט מיט גוואלד מיר נעמענ אים, פונ פרייד פארבלענדעט,
מיר טראָגנ אפ א בענקעלע דעמ צארטנ מאנ.
מיט מוירעדיקער מי קומט אָנ אונדז יעדער שפאנ,
קוים-קוים מיר שלעפנ זיכ פונ פענטעס זאמד געפענטעט.

נאָר אָט: סען קאטאיאמא שפרינגט פונ הענט אראָפ א שנעלער,
אונ גרינג ער שפאנט אוועק זיכ, קוים די זאמד באריִרט,

* סען קאטאיאמא (1859—1933) — איינער פונ די עלטסטע רעוואָליוציאָנערנ
איג יאפאָניע, דער פירער פונ דער יאפאָנישער קאָמוניסטישער פארטיי.

ווי אפֿ א טעפּיך, וואָס מיט מײַסעס דינ גראווירט,
א לײַכטער לײַכט ער גייט זיך אונ צעטרעט ניט די געמעלנ.

געפּלעפּטע קוקנ מיר אפֿ אים אונ אפֿ דער גרויסער וויסטע.
מיר שפּאנענ קוימ. ווי היצ, דאָס טראכטנ טרעט ניט אָפּ.
מע טראכט פֿונ דער פּארטײלונג פֿונ געלאָד אינ אָרגאניזמ;
אינ שווערנ וועג איז גוט, ווענ וואָג איז מער אינ קאָפּ.

# א ווינטער־בילד

א זעגמיל שורשעט מיט דער זעג
באַם ווינטער-וואַלד דעם זוניק-ווײַסן.
עס קלאַפּן העק,
און ראָבן שטעלן זיך אוועק
אין הויף באַם וואַרעמען מיסט צום איבערבײַסן.

אין יעדער הויף קימאַט איך טרעף
א קינד מיט אַרבעט זיך באַשעפטיקט,
אין זעלבן סוק א ייִנגל טרעפט
און ווערט ניט מיד צו שלעפּן העפטיק
די האַק פון סוק, וואָס האַלט זיך קרעפטיק
אין קלעם באַהעפט.

דער טאָג איז אָנגעצויגן פול פון ראַנד ביז ראַנד
מיט שײנער מי אין ראַכוועסדיקן לאַנד,
ווי אָנגעצויגן ס׳איז א ווי־אָלאָנטשעל מיט ניגן,
און איך, מיט ווערקצײַג אין דער האַנט,
גיב אויך זיך אָפּ דעם פאַרגעניגן.

## דער נײַער עפּל

א גערולע באַ די עפּל,
באַ די סעדער, באַ די בלומען:
ס'איז אַ נײַער עפּל-מין
צווישן זיי דאָ אופגעקומען!

ס'אַרא ווידערשטאַנד די רויפן,
ס'אַרא זאַפטיק-זיסע שטאַרקײַט!
איינס ווי איינס — אַ ריזן-פּאָלק,
וואָס וועט אײַנעמען די מאַרקן.
פון סיבירער טאַטן — פעסטקײַט,
שעפע — פון דער יאַלטער מאַמען,
מיטן דופט פון רויזן-טאָל
און פון אַלע דרײַ צוזאַמען.

ניט קיין גאָט האָט עס באַשאַפן,
ניט פון זיך איז דאָס געבאָרן,
ס'האָט אַן אייניקל מיטשורינס
דאָס געוואָלט — איז דאָס געוואָרן!

## יאגד אפ פעפערס

איך און מײַן יאשע זײַנען מיר ביידע
כאפן די פעפערס געגאנגען,
מיינט ניט, ס'א ווערטעלע אָט-אָ די קליינע
שטשוריקע ווערווערקעס פאנגען!

כ'ווייס, אז זיי וווינען אין בוים-לעכער טיפע,
שאָלעכצ באם בוים איז דער צייכן.
טרעפן מיר אָן אזא בוים און באקלערן
ס'כײַעלע ווי צו דערגרייכן.

טיף אינעם בוים-לאָך דאָרט זיצט עס באהאלטן,
נאָר אז סע רירט זיך פון אָרט ניט!
קלאפ איך און קלאפ אינעם בוים מיט א שטעקן,
„בלי-בלי-בלי"... בייזערט זיך דאָרטן;

ס'קאָכט זיך, עס קײַסט זיך און ווערט גיך אנשוויגן.
קלאפן מיר שטארקער און צאפלען,
מידע, מיר לייגן צום בוים צו דעם אויער —
הערן מיר קלאָר ווי דאָרט קלאפלט.

קלאפט דורכן שטאם פונעם בוים דורך דער קאָרע,
גלײַך ווי א זייגער דאָרט טיאָכעט,
דאָס איז דעם כײַעלעס הערצל פון פאכעד
שרעקלעך, ווי שרעקלעך סע פאָכעט...

— קום, — זאָג איך יאשען, און יאשע פארשטייט מיך, —
מירן קיין פעפערס ניט כאפן...

— קום, — זאָגט מיר יאשע, און יאשען פארשטיי איך,
מאכמעס די הערצער אונדז קלאפּן...

פלוצעם, מיר שטעלן זיך איינס קעגן צווייטן —
נו, און מיר קוקן זיך אָן עס!
שויטימלעך, טראכטן מיר, וועמען מיר שוינען!
דאָס איז א שלעכטער ראכמאָנעס!

דאָס, וואָס מאכט קאַליע די פּרוכטביימער, שוינט מען?
„ניין! — וועט דיר ענטפערן יעדער! —
כאפּסט עס ניט — כאפּט עס די זוימען פּארוויסטן,
טוט עס אין טויט אַריַין סעדער!"

— קום, — זאָגט מיר יאשע, — צוריק, — איך פארשטיי אים, —
מירן פון לאָך עס דערלאנגען,
— קום, — זאָג איך יאשען, — צוריק, — ער פארשטייט מיך.
האָבן מיר איצט עס געפאנגען!

## דו

איך זע פונוויַטנ דיך מיט מענטשנ ריידנ,
ווי דו הערסט אויס, ווי דו שטימסט איַנ,
אָ, וויפל טיפער זינ אונ איידלע שיַנ
אינ שוויַגנ דיַנעם, אינ דיַנ וואָרט באשיידנס,
אונ וויפל ליכטיקיַט עס טראָגט אריַנ
א שמייכל דיַנער אינעם ריידנ.

אונ אָפּזוכנ אינ אוילעם דיך — אינ טונקל צי אינ ליכטיק —
צווישנ פּענעמער, געשטאלטנ פיל, דערזעענ דיך —
מיַנ גרונט־פעסטונג, מיַנ שאָלעמ־בונד מיט זיך!
צי וואָלט איך רעכט געהאט צו זאָגנ אפ זיך איך
אונ פילנ, אז מיַנ אָרט פארנעמ איך ריכטיק,
ווענ מיר וואָלט ניט באשערט געווענ צו קענענ דיך?

# אומרו

און ס׳טרעפט באַנאַכט, אין שלאָף, זי הערט.
איך דריי זיך אַלץ און קען ניט שלאָפן,
פון מאָל צו מאָל מײַן בעטל קרעכצט,
עס רעדט צו איר פון עפּעס שלעכטס,
מיט אומרו ווערט איר האַרץ פאַרלאָפן,

זי כאַפּט זיך מיט איר שלאָף צו ראַנגלען,
איר יונגער שלאָף איז קלעפּיק-זיס,
און קלעמט די אויגן, קלעמט די אַנגלען,
נאָר ס׳שטעלן זיך אַראָפּ די פיס
אין בלאָנדזשעניש צו מיר דערלאַנגען.

„איך קען ניט שלאָפן״, — זאָגט זי קוים,
פון שטאַרקן שלאָף נאָך טרוימענד-שיקער.
זי שפּאַרט זיך צו אַפּ מײַן געלעגער
און גלעט מײַן קאָפּ. און צו מיר רוימט,
און יאָגט פון זיך אַפּ מיר איר טרוים,
און יונגן שלאָף, מיט רו דערקוויקטער,
אין מײַן געמיט זי הויכט אַרײַן. —
און זי ווערט וואַך. און איך שלאָף אײַן.

# דער ברונעם

דעם ברונעם איז צום הארצן, אז מע שעפּט אים,
אז דער עמער דרינגט צום קאלטן דעק,
און באָברעט מיט זײַן ליפּ דעם גרונט און וועקט
די קוואלן אונטער דר'ערד און מערט די קרעפטן.

עס שײַנט דאָס ברונעם-פּאָנעם און עס קוועלט
פון קלינגעוודיקן פּלאפּל פונעם עמער,
וואָס טאנצט אראָפּ דאָס וואסער נעמען
מיט א פארנייג, מיט לאָהעטן שעפּ!

און ווי דעם ברונעמס פּאָנעם ערשט באלעבט זיך,
ווען כאווע קומט, די עמער ריין געפּוצט.
זי ציט געהיט ארויס דאָס אָנגעשעפּטע,
כאָלילע ניט צעפּליעסקענען דאָס גוטס.

פונוויַטן קומען רײַטער צוגעריטן,
דאָס דאָרשטיק פערד באקומט צו טרינקען דאָ,
עס הילכט אין ברונעם אָפּ דער קלאפּ פון טלאָ,
דער פארגעניגנפולער פּריסק פון טרינקערס ליפּן.

און אָט, געטראָפן האָט, דער ברונעם איז דעם ווינטער
אליין מיט זיך געבליבן ניט געשעפּט.
האָט אים דער שטויב דאָס פּאָנעם גרוי פארקלעפּט
מיט פּוילס, מיט מאָך די כיִעסן פארשפּינט אים.

א ברונעם איז צום הארצן, אז מע שעפּט אים,
אז דער עמער דרינגט צום קאלטן דעק,
און באָברעט מיט זײַן ליפּ דעם גרונט און וועקט
די קוואלן אונטער דר'ערד און מערט די קרעפטן.

## די וויג

צו מיר איז אָנגעקומען,
אַז מ׳האָט אָפּגעשאַפט דאָס וויגן,
מע האַלט, געזינטער איז,
עס זאָל דאָס קינד פאַרגליווערט ליגן.
איך גלייב דער וועלט, זי איז געדעכט מיסטאָם,
און מיר ליגט נאָך ביז היינט די וויג אין טאָם.

מיט צוגעמאַכטע אויגן
איינהערן דאָס קאָל פון מאַמען,
עס פליסט פון ריינסטן קוואַל,
פונוואַנען דיינע טרוימען שטאַמען,
זי וויגט די וויג, באַוועגט מיך מיט דער וועלט,
וואָס כ׳האָב אַליין מיט אויג-לעפּלעך פאַרשטעלט.

כ׳זאָל זיין אַ קינד, וואָלט איך דערקלערט אַ קריג,
אַז לעבן זאָל די וויג!

# דאָס הויז

מיסטאָם די מוירע צו באַפאַלן ווערן אינעם שלאָף
האָט דעם באַלכּיִ געיאָגט אַ נעסט זיך בויען,
אַף אָפּגעטיילט זײַן פונעם רוים מיט פעסטן שטאָף,
דעם פעסטן שטאָף די שאָ פון שוואַכקײַט צו פאַרטרויען.

דער דראַנג צו אײַנפלאַנצן אַ נײַע צווײַג אין שטאַם,
דעם העכסטן לויב געניסן, דעם העכסטן טײַנעג — ליבע,
האָט אויך געמאָנט: פון אַלץ אין וועלט זײַן אָפּגעצאַמט,
אויך דאָס האָט בויען זיך אַ נעסט געטריבן.

* * *

און מיר, פון זינט אָן מיר האָבן דערקענט,
ווי וווּנדער־רײַך עס גלאַנצט די וועלט
מיט אירע בערג און גריבער,
און גראָד, אַז אין די נעכט
דער שטערן־אויצער בלענדט,
און גראָד, אַז אַף דער דלאָניע
ווערט דער מין פון ווייץ דערקענט,
ווען דאַפקע אָפּגעזונדערט פונעם זאַק
מע קוקט אים איבער.
און ווײַל מיר ווייסן דאָס, דעריבער
איז אונדז דאָס הויז, די אייגענע פיר ווענט —
נאָך נייטיקער, נאָך הארציקער, נאָך ליבער!..

# אין דרויסן

עסיען

מיר טיילן אָפּ פון דרויסן רוים,
א פּירעק רוים פאר זיך,
מיר טיילן אים אין שטיקער איין:
א שטוב, א זאל, א קיך.

דאָס אָפּגעצוימטע צירן מיר,
און שיינעם לאד פארפירן מיר.
מיר פרעגלען דאָרט און זייערן,
מיר פוצן דאָרט און שייערן,
אז שענער ווי דער רוים אָן ענד
זאָל זיין אין אונדזערע פיר ווענט!

און דאָך, צו אלדי גוטע יאָר,
די שיינקייט בלייבט דאָך פאָרט
פון יענער זייט, אין דרויסן גאָר,
די גאנצע שיינקייט דאָרט!

גיי שפּאר א זון-אופגאנג אריין
אין שטיינערנע פיר ווענט,
דעם פויגל-פלי, דעם פליגל-פּאָך,
דעם פרייען יאם, וואָס בלענדט.

דעם רעגנבויגן שפּאר אריין
אין דיין באגרענעצט הויז,
דעם ביימער-יאָמטעוו פונעם וואלד,
די פרילינג-שלאכט, וואָס ברויזט!

און ווי דעם קינד מע גיט אין האַנט
די וועלט אין פֿאָרמען קליינע,
אַז נאָענט זאָל דעם זײַן באַקאַנט
דער בער, דער צוג, די פֿליינען,

אַזוי באַקומען מיר די וועלט
צו זיך אין שטוב אַרײַנגעשטעלט.
נאָר דו אין דרויסן קום אַרויס,
געניס איר פּראַכט אין גאַנצער גרייס!

דו ווילסט אין הייך? — די הייך איז דײַר,
די דרויסן-אָרדענונג איז דײַר,
די לופֿט, דער ווינט, דער דורכגעשווים
פֿון יונגע פֿרויען אין שפּאַציר!

זי איז פֿון דײַר פֿאַר דײַר באַפֿרײַט,
דאָס אַלץ איז דײַר באַשערט,
דו שליס זיך אָן אין אָטעם-צוג
פֿון הימל מיט דער ערד!

# איך לעב ניט לויטנ זיקאָרנ

איך לעב ניט לויטנ זיקאָרנ —
איך לעב, ווענ דו ביסט מיט מיר.
פונ זינט ביסט אוועקגעפאָרנ,
הענגט מײַנ הארצ בא דער טיר.

זילבער מיט זילבער באגעגנט זיך —
טוט א קלונג.
אויג מיט אויג באגעגנט זיך —
טוט א פונק —
אונ דאָס הארצ דערבײַ א שפרונג...

זינט איך געדענק זיך, בינ איך יונג —
ס׳לאָזט ניט צורו מיך
דאָס שיינס, דאָס איידלס!
עס וועקט מיך, עס ווינקט, עס בלענדט,
עס טראָגט מײַנע הענט
באַרירנ דעם זונ-אופגאנג,
די האנט א מיידלס.

פונ זינט ביסט אוועקגעפאָרנ,
הענגט מײַנ הארצ בא דער טיר.
איך לעב ניט לויטנ זיקאָרנ —
איך לעב, ווענ דו ביסט מיט מיר.
די שכיינעטעס שמייכלענ אונ גאפנ,
וואָס כ׳גיי אזוי אָפט אינ קיך.
איך שעמ זיך צו זאָגנ זיי אָפנ,

אז דאָרטנ זוכ איכ דיכ,
אז דאָרטנ אָטעמט דאָס ליכט
פונ פרויענ־הענט, וואָס רוימענ,
ווי דײַנע די הוילע הענט.
איכ גיי אפ זיי קוקנ אונ שטוינענ —
ווענ כ׳וואָלט זיי א גלעט טאָנ געקענט!

## געאָרגינען

די גראָזן ליגן אויסגעלייגט
אין אָפּגעקילטן שווייס נאָך זומער,
שוין איינגעזייערט איז די ערד
אף הארבסט־געשמאקן זאַפט.
דער דאך האָט, ווי די מיל,
נאָך אָפּטאָג זומערדיקן שטומען
מיט אלע רינוועס פיר
א רייד געטאָן מיט קראפט.

איך גראָב די געאָרגינעס אויס.
באַם הייפל — פרישע וואָרצלען שטעקן.
ווי כאַזערלעך זיי שטופּן זיך
צו זייער מוטערס ציץ.
באַם אָפּטרייסלען פון זיי די ערד
דערזע איך ברוינע ווערעם־עקן,
וואָס צאַפּלען שערעצדיק,
אופגערעגט פון מיינע שמיץ.

איר סאַמע כיעס זיך אריינגעקוועטשט,
איר, ווערעם, מארך־געניסער!
און איך אף וואָס בין דאָ?
אף וואָס דאָ קלאַפּט א הארץ?
נעמט אָן דעם מישפּעט מיינעם,
נא, באַקומט די מיסע
פאַר מאָרדן, גאזלענען,
פאַר לעסטערן דאָס צארטס!

## בערעזע קרויזלקאָפּ

די יאָדלעס יאָלדן רינגלען די בערעזע אום,
זײ טולִיען זיך צו איר און דארן.
נאָר קרויזלקאָפּ וויל וואַקסן פרײַ, די סאַמע זונג
די זאַפטן אירע זאָל א סאַרפּע טאָן.
און איר איז ענג פון יאָדלשן געדרענג, —
נו זאָל דאָס מיך ניט אַרן?

מײַן האַק איז שאַרף, מײַן פּאָך איז שווער,
וואָס פאַלש פאַרייניקט איז — צעשיידט זיך.
איך גיב דעם פלאַם אָפּ, וואָס צום פלאַם געהער,
די ווונדן קיל איך מיט א הויפן ערד,
און ליכטיק אַרום קרויזלקאָפּ עס ווערט,
צו אַלע עקן וועלט זי קוקט און פרייט זיך.

## געצײַג

אַך, איז דאָ אַ האַק באַם שאָכנ מײַנעם בעני שענקער,
נאָך אַזאַ מינ האַק איך טו דאָך שטענדיק בענקענ.
נאָך אַזאַ מינ גרינגער שווערקײַט, נאָך אַזאַ מינ שארף,
מיט אַזאַ מינ טיפֿנ אײַנבײַס — פּונקט ווי איך באַדארף.

סאָסנע בראָקט זי ווי די לאָקשנ, יאָדלעס שניצט זי גרינג,
חי דער כאַלעפ בא דער באָרד איז זי איידל, פלינק,
ווי מע שנײַדט אַ קאָרנלעקעך, שנײַדט זי פרישנ דעמב,
גלײַכסט אַ טיש מיט איר אַרום ווי מיט דער שער אַ העמד.

כ'האָב געהאַלטנ אינ די הענט זי, האָט זי מיר געשפּילט.
אָפּנ האָלצ די ווונטשנ מײַנע אַלע אויסגעפּילט.
אויסגעפּילט אונ אויסגעשפּילט אונ אויסגעטאַנצט אונ שטראַלט.
ווער סע האָט אַזאַ בינ האַק — איז יענעמס דאָך דער וואַלד!
טוט מענ אַזאַ הייב מיט איר, אַ פּאָכע, ווענ מע דאַרפֿ,
אוי, בינ איך דעם פרײַנט מעקאַנע, וואָס זײַנ האַק איז שארף!

ס'האָט זיך זייער ניט געוואָלט מיר מיט דער האַק צעשיידנ,
נאָר צעשיידנ פאָרט געמוזט זיך — לײַט זאָלנ ניט ריידנ:
„פאַר אַ האַק אַנ אייגענער דאַרפֿ אַ מענטש זיך זאָרגנ!"
אַ געמוטשעט לעבנ איז אַ האַק בא יענעמ באָרגנ.

# די עלטער

אין באָד איז מיר צו הייס, אין יאַם איז מיר צו קאַלט,
מע זאָגט, אין מײַנע יאָר איז מען א קאַפּל דול.
דעם עמער דאָך פון ברונעם איך דערשלעפּ נאָך פול,
און גלײַך און פעסט אים אין דער האנט איך האַלט.

אום זומער שלאָף איך נאָר אין דרויסן, דאָס איז עכט,
און איך באַדױער אלעמאָל איין זאַך,
וואָס איך האָב דורכגעלאָזן אין מײַן לעבן נעכט
און אױסגעשלאָפן זיי אונטער א דאַך.

מיך אַרט דען, וואָס צו לאַנג דעם ביסן איך באַטראַכט,
צי קומט ער אין מײַן מויל ווי שטיין, צי ווייך ווי מאָך?
און ס׳אַרט מיך ניט, וואָס זאַכן, וואָס פון זיי מע לאַכט,
דערזע איך שוין ניט בוילעט זייער לעכערלעכן טאָך.

וואָס יאָ מיך אַרט און שרעקט מיך אַלץ — איז דאָס:
דער ווײַנשל־בוים, וואָס כ׳האָב פאַרפלאַנצט,
אָט דער, וואָס טראָגט די ווײַנשל פון א היפּשער מאָס,
די זיסע און די שטײַפע מיטן פלאַמעדיקן גלאַנץ,

וואָס אָט דער ווײַנשל־בוים, גלײַך ער וואָלט כּיס פאַרמאָגט,
גייט אָפּ פון יאָר צו יאָר אַלץ ווײַטער פון זײַן אָרט.
דאָס זע איך דאָך בעכוש, מיט צייכנס, ווי ס׳איז טאָג,
עס גלייבט זיך קוים, און דאָך — אַזוי דאָך איז עס פאָרט!..

אָט הײַנטיקס יאָר האָב איך געמוזט שוין לױפן ווײַט,
ווען ס׳האָט מיך א פאַרנאַכט נאָך ווײַנשל שטאַרק פאַרקלעמט.
די ווײַנשל האָבן איבערגעוווּנקען זיך פאַרשײַט,
וואָס כ׳האָב דאָס נײַע אָרט שוין ווידער ניט דערקענט...

## דאָס ערשטע יאָדליקל

ניט גוט האָט זיך אוועקגעשטעלט
דאָס יאָדליקל באַם פּליינ.
וואָס איז עס פאַר אַנ אָרט אָט דאָ?
דערצו נאָך איינ אליינ.
איינ אליינ, איי, ניט גוט,
שמייסט דער ווינט דיך ווי א רוט.

נאָר טראַכט עס דענ אוועקצוגיינ,
כאָטש ביטער שינדט דער ווינט,
כאָטש וואָס עס האָט דאָ אויסצושטיינ
א יאָדליקל א קינד!

ווענ שטערנ שיינענ איבער פּליינ
אונ ווינטער-שלאָף באַפאַלט —
וואָס טרוימט א יאָדליקל אליינ?
פאַרשטייט זיך, פונ א וואַלד.

עס טרוימט, עס וואַקסט, עס ציט צום רוים
אונ פעסט אינ גרונט זיך האַלט.
עס ווייסט, ס׳איז דאָ דער ערשטער בוים—
דער אָנהייב פונ א וואַלד.

## אלײן זיך פֿארפלאנצט

אײנמאָל, סאָף זומער, אין גאָרטן
פֿארגרײט איך אן אָרט פֿארן פלידער:
איך גראָב אויס די יאָדליקעס קלײנוואַרג
און לײג בא דער זײַט זײ אנידער.

א פלידער-קוסט וועט בא מיר וואקסן —
עד מאָנט א פרײַ אָרט פאר די בלומען.
זײַט מוחל אונדז, יאָדליקעס קלײנוואַרג,
אן אנדער אָרט וועט איר באקומען.

* * *

סאָף זומער איז ארבעט א גרױסע:
אראָפּנעמען, זעצן, פֿארזײען.
און איך האָב אין קלײנוואַרג פֿארגעסן
און ערשט זיך דערמאָנט מיט די שנײען.

פֿארגעסן... ווי קען מען פֿארגעסן?!
געוואָרט, ניט דערוואַרט זיך, געשטאָרבן...
זײ האָבן א קאָל דען צום שרײַען?
דאָס קלײנוואַרג געפֿאלן א קאָרבן...

זײ קומען באנאכט מיר צו כאָלעם.
אָט שטײען זײ בערלדיק דיקלעך
און שײַנען מיט שטעכלקעס גרינע.
איצט ליגן זײ מיסטיקע שטיקלעך...

אין מײַן קום איך ווידער אין גאָרטן,
צום פלידער צוערשט וויל איך גײן.
און דאָ... אוי, ווער בליאסקעט עס דאָרטן?
דאָס קלײנוואַרג, די יאָדליקעס שטײען!

זײ האָבן געוואַרט — ניט דערוואַרט זיך,
סע האָט זײ געגרוילט און געפּרעסטלט,
ביז מ'האָט זיך אַלײן אפּ די וואָרצלען
אַרופגעשטעלט פעסט, זיך פאַרפּעסטיקט.

די ערד, אונדזער מאַמע געטרײַע,
האָט ווײך זײ פאַרדעקט און געכײַעט,
איצט שטײען זײ פעסט און זײ בליאסקען
צו מיר מיט די שטעכלקעס נײַע!

## ווי הייסטו?

ווער ביסטו, בלימעלע ווײַס,
פונוואַנען געקומען?
א מענטש צי א ווינט
האָט דיך פון דײַן היים
אוועקגענומען?

ווי קומסטו צו מיר אהער,
פון מיר ניט קיין געזעצטע?
ווי הייסטו דען, מײַן דופטיקע,
מײַן הויכגעשעצטע?

דו ציסט זיך גיך אין דער הייך,
די שכיינים דיך ניט קימערן.
צי קענסטו ווינטערן אויך
צי נאָר זומערן?

צי בלײַבסטו ביזן אָסיען נאָר —
און גענדיקט?
צי קומסטו נאָך איבעראַיאָר
צי עפשער גאָר אפ שטענדיק

טאקע בא מיר א נײַעם דאָר,
בא מיר א לעבן פארפירן?!
זאָלסטו מיר איבעראַיאָר
נאָך ווײַסינקע געבירן!..

## ציקאָריע

ציקאָריע האָב איך פאַרזייט,
די עמעסע, די דופּטיקע!
די גרויע זוימעלעך פאַרגייט
אין בייט מיט ווייך-ערד דופּטיקע.

געגלוסט האָב איך, באַגערט:
אין צאָפּנדיקער ערד,
בא שניי-בערעזעס קלאָרינקע
זאָל אויסוואַקסן ציקאָרינקע.

די דופּטיקע, די ריכטיקע,
די ביטערלעך-געדיכטיקע,
וואָס כ'פלעג באַקומען קליינערהייט,
פון באָבע מײַנער צוגעגרייט,
מיט ציגן-מילך פאַרבריט, פלאָמבירט,
וואָס ליגט נאָך הײַנט אין טאַם בא מיר.

איצט קום איך טאָג-בא-טאָג אַרויס
און קוק מיר מײַנע אויגן אויס,
נאָר די דערוואַרטע קומען נישט,
ווי אײַנגענומען שטומעניש!

און הײַנט פאַרטאָג, איך גיב אַ קוק —
צוויי רייען זיך אַרויסגערוקט!
צוויי רייען שפּראָצלעך קלאָרינקע —
אוי, זאָגט, איר זײַט ציקאָרינקע?!..

# דער ריז

סע גייט א שטרוי, א לאנגע שטרוי —
איי, היט זיך, ווער ס'איז וועג!
זי הייבט זיך אויף, זי גייט אזוי,
ווי גלײַך אין א געשלעג!

זי שטעלט זיך אויף און וואלגערט אום
און רײַסט זיך דורכן גראָז.
איי, היט זיך, קריכט דאָ ניט ארום,
ווער שוינען ס'וויל די נאָז!

עס גייט א שטרוי! ווי קען עס זײַן,
א שטרוי זאָל גיין, נו, זאָגט?
ווער זאָגט עס דען? ס'א מערעשקע,
א מערעשקע זיך טראָגט!

פון אונטער שטרוי מע זעט זי קוים;
דאָס ברעקל טראָגט דעם ריז!
נאָר אויב דאָס ברעקל טראָגט די שטרוי,
איז ווער איז דאָ דער ריז?!

די שטרוי איז טאקע מער ווי מער!
די מי איז זייער גרויס!
נאָר ווער פארטראכט זיך — גרינג צי שווער,
ווען בויעסט זיך א הויז!

# אנ אלטער ניגנ

— איַ, נאכמעניו! — שרײַט אויס דער פאנ צום מעשאָרעס, —
נא יארמארקו מארש אונ קויפ אָקסנ דעם פאָרעצ! —
האָט נאכמענ גענומענ דעם בײַטל מיט געלט,
דעם שטאָק אינ דער האנט אונ געגאנ אינ דער וועלט.

גייט ער אונ גייט
אונ א סטאדע דערזעט,
אונ פאסטעכער ליגנ
אונ זינגענ א ניגנ:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָט נאכמענ פארגעסנ אינ פאָרעצלס רינדער,
אינ פאָרעצלס רינדער אונ אינ ווײַב אונ קינדער,
אונ סאָכריש ער טוט זיי א פרעג:

— איַ, פעטערלעכ, כאָשעווע לײַט,
וואָס קאָסט אזא ניגנ בא הײַנטיקער צײַט?

זאָגנ די פאסטעכער: — זיבנ פריאלנ. —
זיבנ פריאלנ טוט נאכמענ באצאָלנ
אונ גייט מיטנ ניגנ זײַנ וועג.

גייט ער אונ גייט
אונ א בויד ער דערזעט,
אונ קלעזמער דאָרט ליגנ
אונ זינגענ א ניגנ:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

האָט נאכמען פארגעסן אין פּאָרעצלס רינדער,
אין פּאָרעצלס רינדער און אין ווייַב און קינדער,
און סאָכריש ער טוט זיי א פרעג:

— איי, קלעזמערלעך, פריילעכע לייַט,
וואָס קאָסט אזא ניגן בא הייַנטיקער צייַט?

זאָגן די קלעזמערלעך: — דרייַצן פריַאלן. —
דרייַצן פריַאלן טוט נאכמען באצאָלן
און גייט מיטן ניגן זייַן וועג.

איז ער אזוי אין מארק געקומען,
הערט ער די שיינע אָקסן ברומען,
נעמט ער זיך דינגען,
און ווידער זיך דינגען,
און פאטשן מיט הענט,
און אונטערצושפּרינגען,
און אָפּגעמאכט. שלעפּט ער דעם בייַטל ארויס
און טרייסלט פון דאָרטן — א גאָרנישט ניט אויס...
— צאָל, — שרייַט דער סוחר, — צאָל אָפּ דאָס געלט!
— צאָל, — שרייַען סאָכרים, — קלעפּ וועסטו קריגן!

•

צענעמט אונדזער נאכמען די ליידיקע הענט,
עפנט דאָס מויל און זינגט זיי דעם ניגן:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גייט ער פון מארק צוריק אָן די רינדער,
קומט אים אנטקעגן ס'ווייַב און די קינדער:
— וואָס האָסטו, נאכמען, געבראכט אונדז פון וועג,
ווו זייַנען, מאן, די מאטאָנעס, איך פרעג?

בייגט ער איין פארן ווייַבל דעם קאָפּ,
עפנט דאָס מויל און זינגט איר אָפּ:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נעמט דאָס ווײַב די האָר אַפ זיך רײַסן,
מיט דער פּאַטשײלע דעם מאַנ נעמט זי שמײַסן,
דאָ קומט דער פּאָרעצ אונ שטעלט זיך אוועק,
אונ אַפ די אָקסנ ער טוט אים א פרעג.
הײבט ער אוף צום פּאָרעצ דעם קאָפּ,
עפנט דאָס מויל, אונ ער זינגט אים אָפּ:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָ האָט דער פּאָרעצ באַפוילנ אים בינדנ,
בינדנ צום סלופּ, מיט ריטער אים שינדנ.
שטייט ער געבונדנ, די רוט אַפ אים שפּרינגט,
אָבער געהויבנ זײַנ ניגונ ער זינגט:

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

## א גאזלען

א גאזלען געקומען
צו אונדזער לופּינוס
א בײַס-בײַן.
די שירעמלעך גרינע,
די טורעמלעך בלומען
ער רײַסט איר.

ווי אומפאַרשעמט ב־ויזיק
דעם זוים — א געניטער —
צעשפּאַרט ער
און רויבט דאָרט די בליטן
און גראָבט זיך אין שויס זיי
אין צאַרטן.

סע גאַפט די לופּינוס
פון פרעמדנס דערוועגן
און שטויס.
די טראָפּעלעך רעגן
פון שירעמלעך גרינע —
גיסן זיך אויס.

די בלומען באַנומען,
באַ בליטן די רײַפע
די גאָב,
א ראָד מאַכט א שטײַפע
דער גאַזלען און ברומיק
פליט ער זיך אָפּ.

# קונדייסים

ביזוואנען כ'האָב אליין ניט אײַנגעזעצט קיין רויזן,
איז האָב איך זיי אלס מאָשל בלויז באַנומען —
פאר מיידלעכס בעקלעך, ליפּעלעך, פארכומען
און אנדערע פּאָעטישע שאלמויזן.

און דאָ גיט מיר דער גערטנער קוסטעס־שטעקלעך,
זיי זײַנען גרין און הויל, די וואָרצלען — בערדיק,
ער הייסט זיי אונטערשערן קורץ פוןביידע עקן
און זעצן ביז די פּאכוועלעך מיט ערדן־מיסט פארערדיקט.

און כאָטש ער האָט מיר דרײַ קאָלירן אָפּגעקליבן:
צוויי ווײַסע שטיק, דרײַ רויטע און צוויי ראָזע,
דאָך האָבן די קונדייסימלעך מיך אויסגעלאכט מיט האָזע:
זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען ווײַסע אלע זיבן...

## דער צווילינג

א פֿאָרעלע וואַקסט בא דער שכײנע
ביז גאָר, נו ביז גאָר אַלצײנע.
ווי צווײ טראָפּנ וואַסער מ'איז ענלעך,
אונ ווער איז דאָ ווער — ניט דערקענלעך.
איך קום אָפּט צו העלפֿנ דער שכײנע,
כ'האָב ליב פֿירנ שפּיל מיט די קלײנע.

דאָס פֿאָרעלע ליגט אינ די וויגנ
אונ ענדיקט דעם שלאָף־פֿאַרגעניגנ,
דערזעט זיך אינ מיט פֿונ דער וועלט
מיט אַלערלײ זאַכנ באַשטעלט!
ס'איז דאָ וואָס צו זענ אונ צו הערנ,
צו טאָנ אונ צו פֿאָרשנ, באַקלערנ!

— אַצינד, מײַנע זינדלעך, גוואַרדײער,
די הײזלעך — אונ וואַשנ זיך גײענ!
זײ פֿלאָנטענ נאָך דאַפּקע קעסײדער
דעם פֿאָרנט אונ אונטנ פֿונ קלײדער.
אונ איצט קומט דאָס ראַשיקע וואַשנ,
מיט לויטערנ וואַסער דעם ראַשנ,
דאָס אָנזײפֿנ גליטשיק אונ גלאַט,
מע קענ זיך ניט אָנוואַשנ זאַט.

דאָ רופֿט זײ די קאַץ אונטערנ טיש־דעק,
מע מוז אָבער פֿריִער צום פֿרישטיק.

די קאשע איז ראָז אין די טעלער,
די מילך אין די טעצלעך איז העלער.

און איינער פון פּאָרל זיך ציט
צו אלץ, וואָס עס בליאסקעט און גליט,
וואָס בליצט און וואָס שימערט און פינקלט,
פון טיי־קאַן פארכאפּט איז דאָס ייִנגל.
ער האלט אין באהערשן דאָס וואָרט
„סע בלישטשעט", ער כאזערט עס פּאָרט,
כאָטש שווער איז, סע קומט אלץ ניט א׳יס...
„סע בליצטעש" פון מויל קומט ארויס...

די קאשע באהערשט ער פּאמעלעך —
אָט דער פונעם פּאָרל הייסט מעלעך.

דער צווייטער פון פּאָר איז א שנעלער,
ער קוקט ניט אין זײַט, נאָר אין טעלער.
ער פירט מיטן לעפל געניט,
באארבעט די קאשע געהיט,
דאָס קעפל נעבייגט, גלײַך ער הערט זי,
ער מעסט זי, און טיילט זי, און שערט זי.
א באַן פירט ער הין און צוריק,
א שטיק עסט ער אוף — ווערט א בריק.
די בריק עסט ער אויך אוף מיט כיישעק —
אָט דער פון דעם פּאָרל הייסט מיישעק.

דערנאָך גייט מען ביידע אין דרויסן
צו שפּיל און צו טעטיקײַט גרויסער.

איך קום אָפט צו העלפן דער שכיינע —
כ׳האָב ליב פירן שפּיל מיט די קליינע.
כאָטש ביידע אין אויסזעען ענלעך —
אין שפּיל דאָך איז יעדער דערקענלעך.

## דאָס צווישערל

פאַרבאָרגן צווישן ביימער
אין בלעטערשן געמיש,
דאָרט צוויטשט דער ערשטער צווישער
אַזוי באַהאַרצט און פֿריש.
ער צווישערט אַזוי מונטער,
כאָטש קיינער האַלט ניט אונטער:
צוויטש!

איך זע דיך ניט, איך ווייס ניט,
פֿונוואַנען, ווער דו ביסט,
איך הער אָבער, ווי מונטער
דײַן צוויטשען וועקט און גריסט.
איך הער, און ס'מאַכט מיך מונטער,
און כ'האַלט מיט האַרץ דיך אונטער:
צוויטש!

איך ווייס, ביסט ניט קיין אָדלער,
קיין וואָלקנס ברעכסטו ניט.
געוויס איז ווײַט דײַן צווישען
פֿון נאַכטיגאַלס אַ ליד.
נאָר ווײַל ביסט פֿלײַסיק, מונטער,
האַלט אויך דער וואַלד דיך אונטער:
צוויטש!

און כאָטש דו ביסט א ברעקל,
מיסטאמ א צוויטש די גרייס,
דאָך הערט די גאנצע וועלט דיך,
ווען גיסט דייַנ הארצ איר אויס.
די גאנצע וועלט ווערט מונטער
און האלט דעמ זינגער אונטער:
צוויטש!

## ווייץ

מיר זײַנען קערעלעך,
צוגעדעקט מיט שניי מיט קאלטן,
דעם גאנצן ווינטער
אין דער ערד זיך אופגעהאלטן.

איצט טראָגט די זון דעם שניי אוועק
און דעקט אונדז צו מיט נײַער דעק,
מיט זוניקער, ווארעמער פערענע.

און ווען עס ווארעמט גוט אונדז אויס,
איז קריכן מיר פון דר'ערד ארויס,
פון אונטער זון — אין פרילינג־פלייץ.

מיר גרייטן זיך
פארשפרייטן זיך
צו זײַן א יאם פון ווייץ.

# דער בושל

נאָכ וואַרעמענ רעגנ,
אינ די וואַרעמע גראָזנ,
מיט זומפּיקנ בּרעג
אפ דער יאַגד זיכ געלאָזנ,
מיט די גייערס די רויטע,
מיט די באָרוועסע, לאַנגע,
אינעם וואַרעמענ כליופּ —
אָט אָ־דאָס הייסט געגאַנגענ!
ווי א טענצערל שפּאַנט ער,
מיטנ קעפּל פאַרוואַרפט ער —
שטעכט דאָס גראָז מיט זײַנ שפּיז
מיט דער געלער אונ שאַרפער,
עפּעס זוכט ער אינ בלאָטע,
אונ דאָס עפּעס דערשרעקט זיכ,
טוליעט אײַנ זיכ אינ גראָז,
טוט א שפּרונג אונ פאַרשטעקט זיכ.
נאָר דער פראַנט דער געפּוצטער
קריכט אינ בלאָטע, מעכילע...
צוליב וואָס? נאָכ א מויז,
נאָכ א פראָש, צי א גרילער!
— איז קעדײַ דיר זיכ שמירנ
מיט א פראָש, מיט א מײַזל?
— ס'איז קעדײַ, — מאַכט דער בושל, —
מײַנע קינדערלעכ שפּײַז איכ!

# דאָס בלעזל־בלימל

קוק נאָר אָן דאָס בלעזל-בלימל,
ווי פון הוילע לופט געוועבט,
קוים־קוים פעדערלעך — דאָך זע נאָר,
ווי עס אָטעמט און עס לעבט!

הויך וואַקסט אויס דאָס בלעזל-בלימל,
ווי אַ טורעמל אין גראָז,
און אַ ווינטל טרײַבאַדינט עס,
ווען מע דאַרף — טוט דאָס אַ בלאָז.

אויסגעבויט איז שלאַנק און לופטיק
אָ-דאָס טורעמל-געבײַ:
ניט געזייט און ניט באַזאָרגט עס —
וואַקסט עס אויס דאָך פראַנק-און-פרײַ!

אופגעוואַקסן — טוט עס פלײַסיק,
וואָס צו טאָן דעם איז באַשערט:
זוימעלעך אַף פּאַראַשוטלעך
לאָזן פאַלן אַף דער ערד...

כאָטש דאָס ווינטל טראָגט אַף העפקער,
לאָזט באַזונדער יעדן אָפּ —
דאָך בעשאָלעם לאָזט דער זוים זיך
אין דער פרעמדער פרעמד אַראָפּ.

וווּ מע פאַלט — אַ-דאָרטן בלײַבט מען,
דאָרטן גריבלט מען זיך אײַן.
דאָרטן וואַקסט מען, קוויכעס קלײַבט מען
אַף אַ נײַ געוויקס צו זײַן!

## דער אווטאָ־שפּריצער

דער אווטאָ-שפּריצער איז ארויס
אפ די ברייטע גאסן.
ער לייגט מיט וואסער-וואָנסן אויס
אפביידע זייטן פאסן.

די וואסער-וואָנסן שפּריצן ווייט
שטראָצלדיק צעשטראַלטע.
איז ווער ס'א לייט — דער שטעלט זיך צו
און קריגט א באָד א קאלטע!

האַ, פריש מע ווערט! די גאסן פריש,
שפּיגלדיק, פארגאפטע,
אָט אויב דער רעגן רעגנט נישט —
בארעגנט אונדז דער אווטאָ.

גאס-אויס, גאס-איין
פאמעלעך,
שפּאצירט דער אווטאָ
פריילעך,
די ברייטע וואָנסן
א צעפּאָך,
ער באָדט און גיסט
און טרייבט דאָס מיסט.
און איך פון הינטן
לויף אים נאָך
און נעם א באָד אומזיסט!

## די פּאָזעמקע

ווען די פּאָזעמקע ווערט פאַרטיק —
צעלאַכט זי זיך פון פרייד,
זי צעשפּאַרט דאָס דרײַלינג בלעטלעך,
וואָס האַלטן זי פאַרשטעלטערהייט.

דאָס דרײַלינג וועכטערלעך פאַרשטעקן
די פּאָזעמקע אַהינטער זיך,
מע שרעקט זי אָן מיט טויזנט שרעקן:
„אָט כאַפּט מען דיך, אָט פּאַקט מען דיך!"

דאָס רויטע קעפּעלע, עס האַלט זיך
הינטערן דעכל פון די דרײַ,
און קוקט אַרויס און ווינקט אַרויס
און גאַרט אַ שפּרונג טאָן אַף דער פרײַ:

„איך בין שוין רײַף,
איך בין שוין גרויס —
לאָזט מיך צו דער וועלט אַרויס.
איך וויל ניט ווערן דאַר און פויל —
איך וויל צום קינדעלע אין מויל!"

## און ווידער

ערשט צוויי — דרײַ כאַדאָשים צוריק
בין איך דאָ געווען אין די ערטער,
א-דאָרט האָב איך בעזעמס געפּליקט,
אין גראָז האָט א קוואל זיך געשטיקט
פון פריילעכן פרישן געלעכטער.

און זון-בלומען האָבן די קעפּ
אָן דאָרט, ווי אַן איידע כאַכאָמים,
אַפּ טרוקענע שטעקנס געשטרעקט.
און דאָרט האָבן שניטלערס געשעפּט
פון פעלד-יאַם דאָס ברויט און די בסאָמים.

און איצט איז דאָ ווײַס מיטאמאָל,
ווי אלץ וואָלט געשען אין א מײַסע:
אווו איז די בונטקײַט פון טאָל,
דער פעלד-ראַש, די ריווען אָן צאָל,
אז אלץ איז איין דרימלענדע ווײַסקײַט?
אין אָפּרו, אין שלאָף האָט די ערד
פארגראָבן זיך טיף הינטער שנייען.
אין יורן, אין טראָגן פארקלערט,
זי שטארקט זיך אפּסנײַ אונדז דערפרייען.
זי זעט אונדז אין טרוים און באַגערט,
מיר זאָלן זי גראָבן און זייען.

איז שלאָף דיר געזונטינקערהייט,
אַ בראָכע אין יעדער דײַן זעמדל.
מיט דיר איז, מיט דיר קינד־און־קייט:
אַף גליטשערס, אַף ליזשעס צעשפּרייט,
זיי שיסן פֿון רינוועס די סטרעמפּלעך,
זיי שטרעקן זיך אויס אַף דײַן ברייט —
אַף שנײי דײַנעם מענטשעלעך שטעמפּלען!

# די קלײנע װערבע

אין הויף האָט מען געבויט
א נײַע שטוב און קאמערן,
אין הויף האָבן גערוישט
די זעגן און די האמערן.

אװו מע גײט און שטײט —
איז װאלגער־האָלץ און זעגעכץ,
מיט לײם און שטויב און דזעגעכץ
אין אײן געדרײ פארדרײט.

און דאָ אינמיטנדרינען,
אין קלעמ פון זעג־געשטעלן —
איז א קלײנער װערבע
צעבליִען זיך געפעלן.

ס'האָט קײנער ניט געפלאנצט זי,
זי קײנער ניט געשטעלט,
אלײן די קלײנע װערבע
האָט זיך באזאָרגט איר װעלט.

פאר ענגן אָרט — קײן מוירע ניט,
פאר מיסט און נויט — קײן שרעק ניט,
גרינג און פריש און צוטרױלעך
צום העלן הימל שטרעקט זיך.

די בױער קװעלן אָן,
װי זי האָט זיך צעבליט,
זײ גײען זי ארום
מיט ליבשאפט און געהיט.

## רויערד

פעסטער די לאָפּעטע
אינ די הענט!
ס'האָט ערשט זיך די ערד
מיטנ אײַזנ באקענט.

זי ווערט זיך מיט פּניאָקעס,
זי ברעכט זיך אונ לעכצט,
אונ לייגט אונטער שטיינער
אונ ביינער, זי קרעכצט
אונ לאָזט זיך ניט נעמענ!
דאָס אײַזנ באקלעפּט,
צו זיך מיט אקשאָנעס
דאָס אײַזנ זי שלעפּט!

די לאָפּעטע אָבער —
זי שנײַדט ווי א שווערד,
זי וויל דאָ ניט שוינענ
ניט זיך, ניט די ערד.

אונ איינער דעם צווייטנ
זיי טרעטנ ניט אָפּ,
נאָר מיר טרעטנ ביידע
אקשאָנים דאָ אָפּ —
איך גראָב אלץ אונ גראָב.

# גערויש און שטילקייט

— וואָס ליארעמסטו, אָסינע־בוים,
און ציטערסט און פלאַטערסט,
און שטרעקסט זיך און עקסט זיך,
און נייטסט דיינע בלעטלעך
זיך איבערצוקערן?
— איך ליארעם,
מע זאָל מיך דערזען,
מע זאָל מיך דערהערן!

עס רוישט ניט דער בארנבוים,
מיט פיירעס באשווערט,
שטייט ער פעסט אפ דער ערד
און פרוכפערט באשיידן.
נאָר די, וואָס געניסן
די פרוכט זיינע זיסע,
זיי רימען דעם בארנבוים,
און זיי פאר אים ריידן!

# אפ דער זונ

די זונ איז ארויס,
די זונ איז ארויס,
ווער ס'שטייט אפ דער זונ —
יענער וואקסט אינ איר אויס.

דער בוים ווערט צעפיקט,
די בלום ווערט צעבליט,
פונ דער זאפטיקער ערד
אלע שפראָצונגענ ציט —

צו דער זונ, צו דער זונ,
צו דער פרייִלעכער זונ,
יעדעס מינדסטע געוויקס
איז אינ וואקסנ פארטאָנ.

אונ איכ מיט די פרײַנט
בינ אינ דרויסנ ארויס.
אינעם קאָנ, אינעם טאָנ,
אפ דער זונ וואקס איכ אויס!

## פרילינג און זומער

פון אונטער מאָסקווע בין איך ערשט געקומען —
אוי, ס'אַרא פרילינג עס קומט דאָרטן פאָר!
די וועלדער אין גרינס שוין, די פליינען — אין בלומען,
באַטאָג זינגט אַ כאָר, און באַנאַכט זינגט אַ כאָר!

באַטאָג אַ קאַפּעלע, באַנאַכט אַ קאַפּעלע,
מיט קוק קוק פונעם קוקוק, דעם דערגאַטשס געשריי,
דער וויף פון טשערעט מיט זיין אויסקערנדיקער קעלע
און צווישן, אין קאָן, און מיט אַלעמען זיי —
די ווונדער-געזאַנגען פון סאָלאָוויי.

און דאָ איבער מאָסקווע האָט היינט זיך באַוויזן
אַריבערן רויטן פּלאַץ, אינעם בלאָ,
אַן ענגע כאַווריעלע אייליקע סטריזשן —
הייסט עס, דער זומער איז שוין דאָ.

## וואָס מע דערציילט

מע זאָגט, אז דער וויפּ איז א מאָדנער מין פֿייגל
מיט דעם, ווי באטאָג איז ער לעפּיש-געהיט,
מיט דעם, ווי ער דרייט אומגעוויינלעך די אויגן,
מיט דעם, ווי באנאכט אזוי האַפערדיק פֿליט.

מע זאָגט, אז דער סטריזש איז דער פֿליִער דער בעסטער,
ער עסט, און ער טרינקט, און ער באָדט זיך אין פֿלי.
און זעלטן אפֿילו א שפּארבער פארמעסט זיך
נאָך סטריזשן זיך יאָגן — אומזיסט איז די מי!

און וואָס מע דערציילט וועגן קוקוק געשיכטעס!
און ווי נאָך די וואַלדישע זינגער מע רימט!
אָט היינטיקן זומער — נו, וועל איך א קריך טאָן
אין אלע פארבאָרגענע ערטער, באשטימט!

## די זון האָט פאַרשפּעטיקט

די זון האָט פאַרשפּעטיקט —
איז טונקל דער טאָג,
די זון האָט פאַרשפּעטיקט —
פאַרשפּעטיקט דער זומער.
צוויקן די הינדלעך
אין זיפּל פאַרקלאָגט,
די נעבעכלעך צוויקן פאַרומערט.

זיי האָבן זיך ערשט אַף די פיסלעך געשטעלט,
און אַלץ, וואָס מע ווייסט, איז אַ צוויקע צו טוג.
זיי ווייסן נאָך ניט, אַז ס'איז דאָ אַף דער וועלט
אַ וואַרעמע, ליכטיקע זון!

דאָס ווייסן די בוימלעך,
וואָס אָקאָרשט פאַרפלאַנצט.
עס שפּיצט זיי דער רעגן,
דאָך פריילעך מע גלאַנצט,
מע קרעכצט, נאָר די כעדווע
דאָך ווערט ניט פאַרשטערט,
אַבי נאָר מע האַלט זיך אָן
פעסט אין דער ערד!

עס שלײַדערט, עס שויבערט,
עס לייגט זיי שיר אויס —
איז וואָס? אַלץ קעדײַ איז,
די זון מוז אַרויס!
זיי ווייסן די קונצן,
דאָס לאָזט זיך גיך אויס!
די זון מוז זיך ווײַזן,
די זון מוז אַרויס!

## ווער זײַנען זיי?

צוויי פינטעלעכ פליגעלעכ האָב איכ געזען
אפ איינעם א גרינעם בלאט.
זיי זײַנען געוויס שאכמאטיסטנ געווען
אונ האָבנ געשפּילט שאכמאט.

זיג־זאג אונ א שפּרונג אונ גערוקט זיכ,
א ביסל געטראכט אונ פארקוקט זיכ.

די שווארצינקע שפּרינגערלעכ האָב איכ געזען,
פונ אויג זיי ניט געלאָזט.
דאָס לערנען זיי עפּשער זיכ שפּרינגען אונ גיינ
אינ זייער וועלט פונ גראָז?
צי זוכנ די פליגעלעכ עסנ?
זיי האָבנ פארענדיקט אונ זײַנען אוועק,
אונ איכ האָב צו פרעגנ פארגעסנ.

## קרויט

דאכט זיך, ניט מער ווי א קרויט,
און דאָך האָט עס זײַנע מאנערן.
פּרוּוו נאָר פארזעץ עס באַם פּלויט,
עס וועט דיר קיין היפּטל ניט ווערן!

געקנייטשט און געאָדערט געדיכט,
א קאטשן ליגט גראָב, א געפּאקטער;
דאָך טראָגט עס א צארטקײַט אין זיך,
אן איידלען, קאפּריזנעם כאראקטער:

עס וויל ניט, עס וואקסט ניט פארשטעלט
באַם פּלויט, צי באַם שטאל, בא געבײַען.
ס'האָט ליב, אז ס'איז אָפן די וועלט,
סע וואקסט, אז מע זעצט עס אין פרײַען!

# דער אינדיק

געזאָגט האָט דעם אינדיקס עק
צום קאָפּ:
— דו גייסט אַלץ פֿון פֿאָרנט
און טרעטסט מיר ניט אָפּ.
דאָס שײַנדל בין איך דאָך...
גיי הינטן — איך פֿיר!

— נו פֿיר... — זאָגט דער קאָפּ אים, —
נאָר מיך ניט פֿאַרשמיר...

פֿירט דאָס עקל דעם אינדיק!
איז שיין זעט ער אויס!
ער פֿאַלט אין אַ בלאָטע
און קריכט קוים אַרויס.

ער טרעפֿט אין אַ פֿײַער
און סמאַליעט זיך אָפּ.
— אוי־וויי! — שרײַט דער אינדיק, —
ווען עק ווערט אַ קאָפּ,
איז בעסער דעם אינדיק
שוין ליגן אין טאָפּ!

## דער האָן אפן מיסט

דער האָן אפן זײַן מיסט —
דער האָן איז ניט פויל.
א שאר מיט א פוס,
א פיק מיטן מויל.

מיטן רעכטן א שאר,
מיטן לינקן א שאר,
דער האָן אפן זײַן מיסט
איז דער האר!..

— האָנדל, הער
מײַן מײַסעלע אויס! —
נאָר האָנדל הערט
דאָס קערעלע בלויז.

— האָנדל, זע
די טײַבעלעך פּאָר! —
נאָר האָנדל זעט
דאָס ווערעמל נאָר.

— האָנדל, דער כאַזער! —
דאָס האָנדל אנטלויפט...

איין מיסט-האר אראָפּ,
דער צווייטער ארויף...

## דער גאָנער

עס אײַלט זיך דער גאָנער:
— אײַ, הינער, נאָך מיר!
ססס, ס'איז מיטיק־צײַט, לאָמיר
א וועק טאָן די טיר!

דער גאָנער ציט אויסעט
דעם האלדז און זיך רײַסט,
עס פּראַלט אויף די טיר,
און דאָס מיידל זיך ווײַזט.

— ססס'איז ווינטער־צײַט, פֿרײַלן,
מע פּיקט ניט קיין שנייען!
אָט הער, ווי די הינער
דאָ מאכן געשרייען...

די הינער דאָך שווײַגן,
זיי גלאָצן נאָר אייליק...
דאָס מיידל קען כאפּן
און בלאָזן אין ביילעק...

ער רעדט — זאָל ער ריידן!
פֿון גאָנערס געשריי
און קומען דעם מיידלס —
ועט צופֿאלן זיי!

אָט טוט זיכ א זשמעניע
מיט קערנער א שיט,
דער גאָנער גייט אָפּ
מיט געמאָסטענע טריט...

ער כאפּט ניט, די הינער נאָר
כאפּנ א כײלעק
אונ לאָזנ זיכ נעמענ
צומ בלאָזנ אינ בײלעק.

## דער קאָכלעפל

דרייט זיך דער קאָכלעפל אום אינעם טאָפּ,
און מישט דאָרט, און נישטערט, דעם שוים שוימט אראָפּ.
און הייבט פונעם דעק אוף, און וויגט זיך אין קאָך.
דאָ שרייַט ער: נענוג! און דאָ פאָדערט ער: נאָך!
דאָ זידלט ער אויס, און דאָ שטעלט ער זיך איַין,
און פּאסקנט און זעלצלט און שמעלצלט אריַין,
א שמיצ מיט די גרויפּן, די ציבל א שטויס,
און פּיַיער מיט וואסער צעקריגט און גליַיכט אויס.
דעם ארבעס א שעפּ און דעם קריַיטעכצ א שלעפּ,
און מישט זיך און קריכט אין די שכיינישע טעפּ.
ער וואָלט אָן א סאָפּ גאָר געדרייט זיך אין טאָפּ,
ווען ס'שטעלט אים זיַין אייגענע גיַיווע ניט אָפּ: —
ער הייבט זיך און גיט צו פארזוכן א לעק —
און דעמלט איז פארטיק — מע לייגט אים אוועק...

## אפ דער אויסשטעלונג

אוי, האָבן כאַזערלעך געשריגן,
געשפּרונגען, איינגעלייגט די וועלט,
די כאַזערטע, די מוטער, איז געלעגן
און נאָכגעקוקט און אָנגעקוועלט.

מיט כיטרע אייגעלעך זי דרינגט צו זיי
און מיטן עקל ווינקט צו זיי:
— שרייַט, לאָזט זיך ניט פאַרגעסן!
ווער קען דען בעסער פון אייַך פרעסן —
איר קענט דאָך אַלע פרעסערס פון דער וועלט פאַרשעמען!
שרייַט, וועט מען אַפּ דער אויסשטעלונג אונדז נעמען!

האָט מען טאַקע אין דער הויפּטשטאָט זיי געבראַכט
און טאַקע זיי באַזעצט אין אַזאַ פּראַכט!
און מענטשן שטעלן טאַקע לעבן זיי זיך אָפּ
און שאָקלען טאַקע שטאַרק פאַרכידעשט מיטן קאָפּ:
— אוי, כאַזיירים, טאַטעניו!

און די כאַזערטע אינמיטן, ווי אַ באַרג,
און ווי אַ באַרג דאָס קליינוואַרג בא איר בויך און קאַרק,
דאָס עקל העפקער-פּעטרישקע פאַרונצלט,
מיט די כיטרע אויגן בלינצלט:

— וואָדען, צי זייַנען מייַנע אַכט און צוואַנציק שטיק ניט מאָלע-כיינ?!
הייַנט איך אַליינ?!

# טרערן

אײנמאָל האָט די ציבעלע געהערט,
אז עס לאָזט דער מענטש אַמאָל א טרער —
צי פון אומדערוואַרטער פרייד
צי אמאָל פון גרויסער לייד,
אָט די טרערן שעצט מען אָן א שיר,
ווער עס זעט זיי—ווערט פון זיי גערירט.

מינעט זיך די ציבל בלאָ און בלאס.
— סטײַטש! — צעציבלט זי זיך שטארק אין קאס, —
און די טרער, וואָס ציבל רופט ארויס,
פעלט איר העלקייט, פעלט אין גרייס איר זויס?!
ווען מע שנײַדט מײַן לײַב,
ווען סע שרײַט מײַן לײַב,
פונעם מעסער-טרײַב, פון די צייגער-רײַב,
שיסן טרערן פונעם אויג ווי באָב!
איז פארוואָס פאר זיי בייגט קיינער ניט דעם קאָפּ?

כוט דער קנאָבל זײַנע ציינדלעך א צעשפּאר:
— ציבע-נאר, אוי, ציבע-נאר!
איך האלט ניט אויס!
פון ציבל-טרערן לאכט דער מענטש זיך אויס!

## דער פליִער

מיר הערן, סע רוישט א מאָטאָר
ארום אונדזער סאָד דעם צעבליטן.
און פלוצעם פארשטאָפּערט ער גאָר
און ווערט ווי אנשוויגן אינמיטן.

סע האָט זיך דער פליִער פארהאקט
אף א צווײַג און א טשמעל אין דער נידער.
האָט שיר ניט אף טויט זיך צעקנאקט —
אָט ליגט ער און רירט מיט קיין גליד ניט.

ווער איז דאָס? ס'א זשוק א פּילאָט.
אָט זעט, דעם שלימאזל, די פּאָזע!
נאָך גוט, וואָס א פאנצער ער האָט,
און גוט, די קלובניקע איז גראָזיק!..

ער ליגט ווי פארטומלט א קאפּ,
און באלד טאקע הייבט ער זיך אונטער.
מיט הערנערלעך צוויי ער באטאפּט
ארום און ארום און ווערט מונטער.

שוואליאָם מיט זײַנע האלבע טוץ פיס
ער קריכט אפן שטענגל קלובניקע,
ארויף אף א בלאט — און א ריס —
אָט ליגט ער צוריק שוין בישטיקע.

נאָר ווידער ער לאָזט זיך באנײַס
צו אופהייבן זיך אף די בלעטער,

און ווידער פּיל מי און פּיל פּלאַס —
און ווידער אַפּ אונטן אַ שמעטער.

טויט-מיד, כאַפּט אַ קוק אַרום זיך:
„אַפּ אָפּרו אַ ווײַל זיך פאַרקלויבן...
און אָפּגערוט — ווידער ער קריכט
אַהין — צו אַ בלעטל פון אויבן!

כידושים! דער פּעמפּיק איז שווער,
און שלאַבעריק שוואַך איז דאָס בלעטל.
לאַנג האַלט עס? אַ רעגע, ניט מער!
נאָר ער טוט זיך זײַנס דאָך — ער קלעטערט!

נאָך ביטערער מי — ער דערגרייכט,
ער שטייט אַפּ אַ בלעטל — אוי, ווונדער!
די פליגל — אַ פּראַל אין דער הייך,
זיי הייבן, זיי כאַפּן אים אונטער.

איז אָט וואָס דער זשוק האָט געגאַרט!
כ׳פאַרשטיי ערשט אַצינד זײַנע מיִען:
אַ העכערן פּלאַץ פאַרן סטאַרט,
אַפּ שפּרייטן די פליגל צום פליִען.





## מײַן מעסערל

האָב איך מיר א מעסערל
מיט זיבן קלינגלעך!
זיבן קלינגלעך,
ווי די צינגלעך,
ענטפערן, אַף וואָס איך וויל,
ווען איך צי זיי פונעם שטיל:

דאָס ערשטע קלינגל שניצט,
דאָס צווייטע קריצט,
דאָס דריטע רײַבט,
דאָס פערטע קנײַפּט,
דאָס פינפטע איז א שער,
דאָס זעקסטע איז ניט הין און ניט הער;
און דאָס זיבעטע קלינגל
האָט פארביסן דאָס צינגל
און זאָגט ניט, ווער ס'איז אזוינס;
ס'איז א פארקישעפטס,
א פארטרויעמטס,
זײַן סאָד ניט צו אנטדעקן,
זײַן קראפט ניט צו אנטפלעקן,

איך ווארט, אז איינמאָל
כאַפּ איך זיך אוף,

און דאָס קלינגל
וועט טאָן א רוף:
„פאַרהאנג — הייב זיך,
וואסער — ווייַז זיך,
פייַער — אוף!" —
פארהייבט זיך דער נעפּל,
באווייַזט זיך א יאם,
און א זון פון יאם —
הוילע פייַער-פלאם.

דערנאָך וועל איך הערן
פון גלאָק א קלאנג:
מעקויעם וועט ווערן
מייַן פארלאנג, —

א שיף וועט קומען,
א שנעלער טרעגער
מיטן נאָמען „יאמען-יעגער".
מע טוט מיך אָן ווי א מאטראָס —
און איך אין וועלט ארייַן זיך לאָז!..

## איך בין א קאָזעק

בין איך געגאנגענ יאגעדעס רײַסנ,
טרעפ איך אינ װעג א שטיקעלע אײַזנ,
האָב איך דאָס שטיקעלע אײַזנ באטראכט —
אונ האָב עס געצױגנ,
אונ האָב עס געבױגנ,
אונ האָב פונדערפונ זיך פּידקאָװעס געמאכט.
האָט שױנ מײַנ פערדל פּידקאָװעס.

בין איך געגאנ זיך הוידענ אונ װיגנ,
טרעפ איך אינ גראָז א לעדערל ליגנ,
האָב איך דאָס שטיקעלע לעדער באטראכט—
אונ האָב עס געשקראָבעט,
אונ האָב עס געטשאָבעט,
אונ האָב פונדערפונ זיך א זאָטל געמאכט.
האָט שױנ מײַנ פערדל א זאָטל.

בין איך געגאנגענ פּאָשעט שפּאצירנ,
טרעפ איך אינ װעג א פּליושענעם שנירל,
האָב איך דאָס פּליושענע שנירל באטראכט —
אונ האָב עס צעשונדנ,
געקניפּט אונ געבונדנ —
אונ האָב פונדערפונ זיך א צױמל געמאכט.
האָט שױנ מײַנ פערדל א צױמל.

פּידקאָװעס איז דאָ, א זאָטל איז דאָ,
א צױמל איז דאָ, א שװערד אונ א קאָזעק

אוואדע איז דאָ...
נאָר קיין פערדל איז ניטאָ!
און דער קאָזעק שטייט אפ דר'ערד —
ווײַל דעם קאָזעק פעלט דאָס פערד.

ווער וואָלט דעם קאָזעק א פערדל געבראכט?!
איך בין א קאָזעק און רײַס זיך אין שלאכט!
ווי קען א רײַטער זײַן אָן א פערד?
ווי זאָל ער פליִען פאָרויס מיט דער שווערד?
איך בין א קאָזעק —
איז גיט מיר א פערד!

## מאַטאָנעס פאַר קינדער

צען שנײַדערס שנײַדן צו,
צען שטעפּערס שטעפּן צו,
צען פּרעסערס פּרעסן אויס —
קומען בגאָדימלעך אַרויס.

איינער זיימט די פּטעלקעס גיך,
איינער נייט די קנעפּלעך גיך,
איין סטרינער סטריגעס ציט
און דעם גאַנצן אויסזען היט.

וויפל אַלט איז מײַן דאַניל?
— דרײַ מיט דרײַ כאָדאָשים.
שרײַט ער: — לאָזט מיך! העלפן כ'וויל,
נעמט מײַנע מאַלבושים!

אַלע קינדער העלפן מיט,
יעדער זײַן מאַטאָנע גיט!

צען פּאַקערס פּאַקן אײַן:
— פּאַקט, וויפל ס'קען אַרײַן!
— עי, די קוכנס קוועטשט מיר ניט,
מיט די קוכנס זײַט געהיט!

— די דרײַטאָנקע גיט אַהער
צו די גרויסע טירן!

די דרײַטאָנקע גיט אהער
מאטאָנעס אָפּצופּירן!

— ווער באגלייט דעם לאסט-אווטאָ?
— דער, ווער ס׳איז דער בעסטער דאָ!

— פערד-און-וואָגן גיט אהער
צו די גרויסע טירן!
פערד-און-וואָגן גיט אהער
מאטאָנעס אָפּצופּירן!

— טרעפט, דעם וואָגן ווער באגלייט?
— אונדזער ברודערל דאניל!
ווי די לייצעס האלט ער גרייט!
ווי דאָס פּענעמל געצילט!
— ניאָ! וויאָ!

## דער באָבעס הענט

און ליאָוועקע קען די באָבע
פון סאמע אָנהייב אָן.
איר ליב און ליכטיק פּאָנעם,
איר ריידן און איר טאָן.

איר לאכן און איר שווייַגן,
איר ענטפערן, איר בליק —
באומרויִקט, צערודערט,
בארויִקט און באגליקט.

נאָר מער פון אלץ פארכאפּט אים
און קישעפּט אים און בלענדט —
דער באָבעס שטארקע, פלינקע
און הארטע, צארטע הענט.

ווי שטארק געהילצ זיי ברעכן,
ווי פלינק א טייג געקנעט,
ווי גראָב זיי וואשן דילן,
ווי צארט איז זייער גלעט!

זיי טוען אָפּעט מייַסים
מיט זאכן אָן א שיר!
זיי פליקן און זיי נייען —
אָט ווערט! אָט שימערירט!

זיי בײַטן זיך, זיי מינען,
אָט רויט, אָט בלאָוו, אָט בלייך,
זיי זינגען, און זיי טאנצן,
דערציילן מײַסעס ווייך...

דאָס קליינע קינד, סע הערט עס
פארטראָגן און פארבלענדט, —
דער באָבעס קלוגע, שטארקע
און הארטע, צארטע הענט!

## כ׳ווייס א סאָד

כ׳ווייס א סאָד,
כ׳ווייס א סאָד,
ווי עס וואקסט א זאך אין סאָד.

ברעקלעך זוימענ
זעצ איך איינ —
וואָס מיט זוימענ
וועט דאָ זיינ!

אונטער ערד סע וועט דאָרט יוירנ,
איידלע בלעטעלעך געבוירנ,
גרינע, דינע פעדערלעך.

אונ די דינע — אומדערהערט! —
ברעכנ דורך די שווערע ערד,
ברעכנ דורך, שטעכנ דורך
אזא שווערקייט, אזא גרייס —
אונ צו זונ מע שפראָצט ארויס!

נאָר דאָס טשוביקל פונ גראָז
האלט זיך אָנ בא עפעס-וואָס!
אונטער גראָזנ אינ דער ערד
אזא גרויסע פיירע ווערט.
נעם באם טשוביק, צי ארויס:
אוי, א ראָזע ווי א רויז,
נאָר ס׳איז פעסט אזוי אונ שווער,—
אונדזער שיינע זיסע מער!

# זעט זשע

(א שפּרוך)

אייגלעך פון קאַרטאָפל,
אין דר'ערד גייט אַרייַן!
מיט ערד מיט וואַרעמער
דעק איך אייַך איַין.

ליגט זיך, פּיקט זיך,
וואַרעמט זיך אויס,
די גריִנע היטשקעס
שטעקט אַרויס.

כ'וועל אייַך באַשאַרן,
פּוצן און קעמען,
וועט אייַך דאָס ווילדגראָז
ניט פאַרקלעמען,
וועט איר אָטעמען
קענען פרייַ,
וואַקסן פרייַ,
הויך און בייַכיק,
פעסט און קייַל'כיק.
היי זשע, זעט זשע,
ווערט אונדז שטאַרק,

וואקסט אונדז אויס
אזא-אָ בארג.
צום קאָכנ, צום רײַבנ,
צום קוועטשנ אונ בראָטנ.
אפּ טויזנט געריכטנ
זײַט אונדז געראָטנ!
היי זשע, זעט זשע!

## די פּראָש אפֿ דער האַנט

וואָס טוט עס א שפּרונג
אינעם גראָז?
איך טו נאָר א שאַר —
טוט א וואָרפֿ זיך וואָס?!
א שפּרונג און א בלענד
און פֿאַרשווינדט אפּדערגיך,
און לאָזט ניט
א קוק טאָן אפֿ זיך!

זוך איך פֿאַמעלעך,
שיר־שיר,
ס׳וועט זיך באַלד
באַווייַזן פֿאַר מיר!
עפּשער א שלאַנג,
עפּשער א פּאָר?
עפּשער א פּיפּערנאָטער גאָר?

פֿאַמעלעך צענעם איך
די גראָזן — אוי!
טרעפֿט, וואָס דערזע איך?
א פּראָש! כ׳זאָל אַזוי...

שטרעק איך די האַנט אויס,
שפּרינגט זי אַוועק,
שפּרינג איך איר נאָך,
מיט דער האַנט זי פֿאַרדעק.
רייַסט זי זיך אויס —
איך נאָך איר,

און זי פון מיר
מיט אלע קויכעס
רײַסט זיך ארויס.

נאָר באָרי, מײַן פעטער,
זוכט זי אויף
און לייגט זי מיר
אף דער האנט ארויף.
און האלט א ביסל
זי צוגעדעקט,
נאָכדעם נעמט ער
זײַן האנט אוועק.

אוי, ס'ארא וווּנדער!
זי בלײַבט אף מײַן האנט,
זי שפרינגט ניט אראָפּ
פונעם אָפענעם ראנד!
זי פאָכט מיטן גוידער
אויף און אָפּ
און טראכט ניט אפילע
פון האנט אראָפּ!

— זי האָט זיך דערוואָרעמט,
דײַן האנט איז דאָך הייס... —
אזוי זאָגט מײַן פעטער.—
איך ווייס ניט, איך ווייס,
אז פריִער אנטלויפט זי,
ווען טוסט זי א ריר,
און איצט זיצט זי רויִק
און קוקט גאָר אף מיר!
ווי איינער רעדט: כ'ווייס ניט,
צי ווארעם, צי קאלט...
א זיצ טאָן? מאכטייסע,
ווילסט האלטן — איז האלט...

## צווי פרײַנט

די צווי זײַנען פרײַנט —
ס׳קען בעסער ניט זײַן!
ווי איינס פארן צווייטן
זיי שטעלן זיך אײַן!

כאָטש צווי — נאָר זיי זײַנען
א גאנצע כאווריִע.
זיי שפּילן טשאפּײַען.
זיי פירן פּיל שלאכטן,
און זשוקעס באטראכטן,
און ווײַמפּערלעך זוכן,
און האָבן ליב קוכן.
אויב איינער געווינט —
איז דער פרײַנט זײַנער שײַנט.
אויב איינער א ניס טוט —
איז ניסט אויך דער פרײַנט.
מע וויל זיך ניט פּאטשן,
און באָרען זיך — יאָ.
און ביידע פארקאָכטע
אין לויף פון אווטאָ.
אָט לויפט מען אים נאָך,
דער שטויב דעקט זיי ביידן,
ארײַן איז מען קינדער,
ארויס איז מען שיידים.

זיי זײַנען צווי פרײַנט
די טעג דורכאנאנד.
מ׳איז איינס פארן צווייטן
אן אײַזערנע וואנט!

# די דרייסטע שפערלעכ

איינמאָל זיצ איכ אינעמ סאָד
אונ זע א קאצ א גרויסע,
דעמ עק פארבויגנ ווי א ראָד,
וואָס איז די קאצ דאָ אויסנ?

א פאָרל שפערלעכ אפ א בייט,
פארטאָנ אינ פיק-איניאָנימ.
ווער טראכט אינ סאמע זומער-פרייד,
אז ס'איז פאראנ דאָ סאָנימ?

די קאצ קריכט נעענטער אינ קאָנ
צו זיי אונ ווייכ באלעקט זיכ.
אָט נאָכ א ווײַל, אונ זי פאלט אָנ,
אונ זייער לעבנ עקט זיכ.

איכ וויל שוינ אופשפרינגענ פונ אָרט,
דאָס אומגליק צו פארהאלטנ,
האָט זיכ אליינ די פויגל-פאָר
א הייב געטאָנ מיט גוואלדנ —

מיט גרויס געשריי די קאצ געדעקט,
זי א מצוברענגענ גרייטע,
די קאצ — ווי איינגעדארט פונ שרעק,
איז גרייט צו מאכנ פלייטע.

דאָס פאָרל איבער איר, נאָכ איר,
פארפאָלגט זי מיט די גוואלדנ,
ביז הארט צומ לאָכ אונטער דער טיר,
ווו זי האָט זיכ באהאלטנ.

## פרײַנטשאפט

קוקורוזע און סאָנישניק
וואקסן אין שכיינעס,
א זומער א גאנצן
פארברענגט מען אינײנעם.

פאפעשוי — א פארהילטע,
און סאָנישניק — אָפן.
א קאָפּ בא א קעפּל —
אין וואכן, אין שלאָפן.

א זומער א גאנצן
אין װוּנדער פארברענגט מען,
מע בראָט זיך אין היצן,
אין רעגנס מע שװענקט זיך.

געבענטשטע מיט פעסטקײַט
פון הימל און ערד,
מיט קערנער געפּויעסטע
באזעצטע מע װערט.

אײן קאָפּ איז א שװארצער,
מיט געלן באברעמט,
דער צװײטער — אין װיקעלעך
פעסטע פארקלעמט.

מע װערט מיט דער זאטקײַט
אזוי שוין פארשטאָפּט,
אז מע בענקט נאָך דער האנט,
װעלכע דרייט זיי אראָפּ...

## דער שטיינ־טעסלער

א שטיינ-טעסלער בינ איכ,
מע גרויסט זיכ מיט מיר.
כ'האָב ליב מײַנ מעלאָכע,
אונ כ'אײַל זיכ צו איר.

אונ טעס איכ, אונ האק איכ,
אונ שפּאלט איכ, אונ קנאק איכ —
פארקוקנ זיכ קינדער
מיט קינע אפ מיר!

מיר, שטיינ-טעסלער, טעסענ
דעמ שטארקסטנ גראניט,
כאָטש שטיינ-שפּליטער דראפּענ
אונ לאָזנ זיכ ניט.

מיר טעסענ, זיי — בריִענ,
אזש פונקענ עס פליִענ,
אונ קינדערלעכ גאפנ,
דער בליק בא זיי גליט.

מיר שטעלנ די גרונטנ
פאר יעדנ געבײַ,
מיר שפּרייטנ אויס טראקטנ
צום יאָגנ זיכ פרײַ.
א שטיינ-טעסלער זײַנ —
איז אוואדע קעדײַ!

## א שרעקעוודיקס

— וועמענס איז עס זונעלע?
— אונדזער שכיינעס זון.
מיר פאר זײַנע ביינדעלעך,
שרעקט זיך פאר א הון!

— מאמע, — זאָגט דער ווילער זון, —
כ'האָב ניט מוירע פאר קיין הון!
אויב דו וועסט מיך גוט א בעט טאָן,
וועל איך עפּשער זי א גלעט טאָן.
האלט זי נאָר מיטביידע הענט,
מיטן עק צו מיר געווענדט.

— מיר פאר דיר, מיר פאר דיר,
האָט זײַן דרייסטקייַט דען א שיר!
קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאטן.
פּפו, פּפו, פּפו!

# א נײַער שליטן

מע ווייסט, אַף וואָס א שליטן טויג,
אַף שלעפּן און אַף פירן,
אַף אָן א סאָף צו שליטלען זיך,
די צײַט ניט צו פאַרלירן.

נאָר גיי א גאנצן שליטן מאַך,
וועט דאָס א וואָך פאַרנעמען!
דאַרפסט צוועקעס, בלעך און האַנט-געצײַג,
א זעג, א האַק, א קלעמער!

אמיין האָב איך גאָר צוגעטראַכט
א שליטן, וואָס צעפאַלט ניט,
אָן אינסטרומענטן — דאָך געמאַכט!
אָן צוועקעס — דאָך ער האַלט זיך!

איך האָב א לאַנגגן אײַזן-פּרענט
אַזוי באַטראַכט, געבויגן,
אַז ס'איז אַרױס א שליטן — פּראָסט
א פראַכט שטייט פאַר די אויגן!

# פּאָגאָנעס

ווער האָט נאָך קיין פּאָגאָנעס ניט?
כ׳וועל אויסלערנען, איך קאָן עס...
פּארב אָפּ, מאָל אויס צוויי ברעטעלעך,
איז האָסטו צוויי פּאָגאָנעס.
כ׳האָב עס אויסגעפּרוווט אליין,
ס׳האָט געפּאסט מיר זייער שיין!

נאָר עמעס, כ׳האָב געכאפּט א פּסאק
פון מאמען מיינער — יענעם!
וואָס כ׳האָב מיינע פּאָגאָנדעלעך
מיט דראָט געטאָן פארקלעמען.
ס׳העמדל טאקע איז א שאָד,
נאָר ס׳האלט זיך שטארקער מיט א דראָט!

— איך זע, דו ביסט א לייטענאנט
אַפּ אלע צוויי פּאָגאָנעס!
א׳ז ווו איז, זאָג מיר, דיין פארשטאנד,
אַן עמעסער וועט טאָן עס?!
האָט די מאמע זיך געקלאָגט,
כ׳האָב איר גאָרנישט ניט געזאָגט.

אצינד וועל איך קארטאָנדלעך שוין
אין זילבערלעך פארוויקלען,
כ׳וועל א גאנצן קאפּיטאן
מיט שטערנדלעך באציקלען,
א קוק צו טאָן וועט זיין א פרייד,
ווען איך וועל זיין צום שוימען גרייט!

## פון בעמבע קיין דרעמבע

איינמאָל האָט לעמל
געלאָזט זיך אין וועג,
פון בעמבע קיין דרעמבע
אין לענג מיטן ברעג.

די באָבע פון דרעמבע
האָט קנישעס געגרייט.
דער ריח פון זיי
אזש קיין בעמבע דערגייט.

האָט לעמל געלאָזט זיך
קיין דרעמבע פארנאכט.
געגאנגען און געגאנגען
און פון קנישעס געטראכט.

און מיד שוין געוואָרן —
האָט ער זיך געלייגט
אפ איבערצושלאָפן
די נאכט אפן וועג.

נאָר לעמל האָט מוירע
פארפלאָנטען דאָס אָרט,
אָ דאָ-אָ איז בעמבע,
און דרעמבע איז דאָרט!

— נו, שטעל איך א סימען
באם קוסטיקל בעז:

די שיכלעך קיין דרעמבע
איך שטעל מיט די נעז...

ער טוט אויס די שיכלעך
און שטעלט זיי אוועק
און לייגט זיך, דעם קאָפּ
מיטן רעקל פֿאַרדעקט.

פֿאַרטאָג גייט אַ ביקל
אַפֿ פּאַשע אַרויס
און טוט מיטן שטערן
די שיך אַ דריי אויס

און גייט זיך זײַן וועג דאָרט.
און לעמל דערוואַכט:
— אָ, גוט, וואָס דעם סימען
האָב איך מיר געמאַכט!

די שיכלעך מיר ווײַזן
דעם וועג מיט די נעז!
באַלד קום איך קיין דרעמבע,
און קנישעס איך עס...

לאָזט לעמל אין וועג זיך
און גייט זיך, און גייט,
און זעט, אַז אין דרעמבע
דאָס בעמבע גאָר שטייט!

די בעמבענער שטיבלעך,
דער ברונעם, די הינט!
— ס'איז דרעמבע צי בעמבע?
ווו בין איך אַצינד!

ער קוקט אַפֿ די שטיבלעך,
ער קוקט אַפֿ די שיך:
— ס'איז דרעמבע צי בעמבע?
ס'איז איך צי ניט איך?

## לעמלס מאטאָנע

און איינמאָל האָט לעמל באַטראַכט די לעוואָנע,
נו, איז זי אים זייער געפעלן.
— אָ דאָס, — זאָגט ער, —קויף איך דער שטוב א מאַטאָנע,
איך וועל אפּן קוימען זי שטעלן.
אָ, פּײַקעלע פּויק,
אָ, קײַקעלע קויק,
אָ דאָס איז מיר זייער געפעלן!

* * *

— הער, מאמע, — זאָגט לעמל, — ס'א מארק-טאָג אפּ קארשן,
גיב געלט, כ'וועל אפּ אײַנגעמאכטס קויפן.
— נו, גיי, — זאָגט די מאמע, — דעם עמער נעם, טאכשיט,
נאָר זע, פאר די פערד זאָלסט ניט לויפן.
— אָ, קײַקעלע קויק,
אָ, פּײַקעלע פּויק,
אזוינס ווי אזעלכס כ'וועל קויפן!

* * *

אין מארק בא א שטעלכל פרעגט לעמל מיט מוירע:
— לעוואָנעס פארקויפט איר, רעב קרעמער?
— א שײַלע, — זאָגט יענער, —צי כ'האָב אָ-די סכוירע!
פארנאכט קום, נאָר לאָז מיר דײַן עמער.
— אָ, פּײַקעלע פּויק,
אָ, קײַקעלע קויק,
געפּאקט כ'האָב דעם עמעסן קרעמער!

* * *

וואַרט לעמל ביז נאַכט, און דער קרעמער באַווייַזט זיך,
דעם עמער ער ברענגט אַ פֿאַרדעקטן,
ער דעקט אָפּ די דעק: אַ לעוואָנע אין וואַסער
טוט ליכטיק פֿאַר אים זיך אַנטפּלעקן.
— אָ, קײַקעלע קויק,
אָ, פּײַקעלע פּויק!
ער טוט זי באַלד ווידער פֿאַרדעקן.

* * *

און לעמל באַצאָלט, נעמט דעם עמער דעם שווערן
און שלעפּט אים אַהיים אַ באַגליקטער.
און היט זיך אין גאַנג מיטן פֿוס אים ניט שטערן,
ער ברענגט אים אין שטוב אַ דערקוויקטער.
— אָ, פּײַקעלע פּויק,
אָ, קײַקעלע קויק!
זע, מאַמע, נו זע, ווי סע גליקט דיר!

* * *

ער דעקט אָפּ די דעק: הוילע וואַסער נאָר סאַמע!
נאָר וואַסער — ניטאָ די מאַטאָנע!
— ווּ זײַנען די קאַרשן, — פֿרעגט לעמלען די מאַמע.
פֿרעגט לעמל: — ווּ איז מײַן לעוואָנע?!
אָ, פּײַקעלע פּויק,
אָ, קײַקעלע קויק!
אָט האָסטו דיר לעמלס מאַטאָנע!

## יאם-לייבן

ס'האָבן יאם-לייבן געלעבט
אין באַסיין דעם ריינעם,
האָט מען דריי עוואַקויִרט
און געלאָזט נאָר איינעם.
האָט ער אומגעיאָגט אליין,
ס'וואַסער אופגערודערט:
שווער אליין זײַן אין באַסיין,
ס'בענקט זיך, גוטער-ברודער!

פירן האָבן מיר געשפּילט,
פריילעכע אַקטיאָרן!
פלעגן מיר נאָר טאָן א בריל —
איז דאָ פול געוואָרן!
פול מיט צושויער — א יאַם!
קינדער פריילעכע קוועלן.
שפּילן מיר פאַר זיי מיט פלאַם,
בעסער צו געפעלן!

פירן זײַנען מיר געווען —
לוסטיקע אַקטיאָרן!
האָט געבאָמבעט באַם באַסיין —
איז דאָ פוסט געוואָרן:
דריי מיט קינדערלעך אוועק,
זיך אין ווײַט פאַרקליבן.
איינער מוז דאָך בלײַבן דאָ!
נו, בין איך געבליבן.

טאָמער קומט א מענטש אמאָל —
זאָל דעם מענטש זייַן פריילעכ...
מוטיק כ׳האָב געשפּילט מייַן ראָל —
כ׳בין דאָכ עפּעס בּיילעכ!
ניט בא כייַעס מיילעכ זייַן,
זייַן אקטיאָר בא קינדער,
דאָס איז בא די לייבּנ מער
אָנגעלייגט אצינדער!..

שפּילנ יאַם-לייבּנ די שפּיל
אלע פיר צוזאמענ!
ווידער זייַנענ קינדער פיל,
קינדערלעכ מיט מאמעס.
ווידער שפּילט מענ אפ די טרעפּ,
אפ דער לופט דער לינדער!
לייבּנ הייבּנ אופ די קעפּ:
— ס׳קאָצל קומט אייַכ, קינדער!

זייַט באגריסט מיט פייַערווערק,
מיט די זיג-סאליוטנ.
פונ אנ אויסגעבעבנקטנ לייב —
אייַכ א גרוס א גוטנ!

1944

# שלוימקע

— וואָס נעמט איר אזא שנעק אין קאָן,
ער איז דאָך ייִנגער פיל פון אײַך!
איך זע, איר קוועלט דאָ פון אים אָן
און שטעלט אים מיט די ערשטע גלײַך!

— ס'איז דאָך שלוימקע! ר'האָט געהאט
פופצן קרויוּוים אין ארמיי!
זעקס — פּעכאָטע, פינף אין פלאָט,
דרײַ מיניאָרן, איין פּילאָט —
און באלוינטע — אלע זיי!

זײַן יאשע האָט בא סטאלינגראד
א מייע דײַטשן אומגעבראכט!
זײַן גרישע איז פאר לענינגראד
געפאלן ווי א העלד אין שלאכט.

און דעם פעטער כאסקל טראָפ
האָט די „פּראווּדא" דאָך גערימט:
זעקס מעסלעס בא זײַן אָקאָפ
האָבן פײַנט געלייגט דעם קאָפּ
און ניט אײַנגענומען אים!

— איז שלוימקע זײַנע העלדן ווערט?
— אוואדע ווערט! דאָס וויס איך גוט.
מע זעט אים זעלטן ווען פארטערט,
ער ווײַזט ארויס אי דרייסט אי מוט.

פרווו נאָר שווינדל מיט דער האנט,
נאָענט, נאָענט פאר זײַן אויג,
בלײַבט ער רויק ווי די וואנט,
טוט זיך ניט צוריק קיין נייג!

די האנט צו האלטן אפן מויל
באמ בייזן הונט — ניט יעדער קען!
און שלוימקע האלט! כאָטש ס'ארא גרויל
ער שטייט עס אויס! איך האָב געזען!

דאָס איז שלוימקע! ר'האָט געהאט
פופצן העלדן אין ארמיי!
זעקס—פעכאָטע, פינף אין פלאָט,
דרײַ מיניאָרן, איינ פילאָט—
און באלוינטע — אלע זיי!

## צוגאסט בא טאנקיסטן

כ'האָב געגאַסטיעט בא טאנקיסטן:
זיך באַם טאנק פאָטאָגראפירט,
כ'האָב געבעטן די טאנקיסטן:
— נעמט מיך מיט, איך מארש מיך פירט...

קוקט מען אפ מײַן הוט און שטעקן,
אפ מײַן אלטן גרויען קאָפּ,
קוקן זיי אפ מיר און שמייכלען,
שמייכלענדיק מע זאָגט מיר אָפּ:

— ס'וועט אײַך אײַנמידן, מע דארף ניט!
ס'אזוי ענג דאָרט! ערגעץ וואָרט,
ניט פאר אײַך דאָרט, טאָג אנטאָניטש,
ענג און שטיקנדיק איז דאָרט.

ווי איך אמפער זיך און שפאר זיך,
קומט א טאנק מיט ראש און שטויב,
לאָזט מען זיך צו אים אנטקעגן,
טוט זײַן דעקל זיך א הייב;

א געשטאלט א מאָדנע ווײַזט זיך,
נאָך איינס, נאָך איינס — דרײַ ארויס.
דרײַ טאנקיסטן נאָך אן אויסשפיר—
קינדער, ווי זיי זעען אויס!

מיד מעסוקן, אויסגעוואלגערט,
ס'פּאָנעם — נאָר איין שווארצער שמיר,

מיט צוויי דינע שארפלעכ אויגנ...
גיכער אָפּגעראפּאָרטירט.
האָבנ זיי א פּאָר שפּאנ ווײַטער
זיכ אינ גראָז אראָפּגעלאָזט,
אונ אינ טיפנ שלאָפ פארזונקענ,
מיט די פּענעמער צום גראָז.

זיי זײַנענ טעג אונ נעכט געווענ דאָכ
מיטנ טאנק אינ אויסשפּיר-שלאכט!
אינעם טיל באם פּײַנט געפּאָרעט,
שלאכט געפירט אונ נײַס געבראכט!
דרײַצנ דזאָטנ אופגעריסנ,
א קאָלאָנע פּײַנט דערשטיקט,
דורכ די צוימענ מינענ־פעלדער
דורכ אהינ אונ דורכ צוריק.

אָט וואָס הייסט אזוינס טאנקיסטנ!
וויפל מוט באדארפ מענ, דרייסט,
וויפל העלדישקײַט, געטרײַשאפט,
אונ ווער ווייסט, ווי נאָכ דאָס הייסט!

* * *

בעט איכ נאָכ מער די טאנקיסטנ,
סאָפּקאָלסאָפּ רעד איכ זיי אײַנ:
גראָד צום שטאב דארפ איינער גייטיק,
נעמט ער מיכ אינ טאנק ארײַנ.
דאָ דערפיל איכ, וואָס א טאנק הייסט!
אײַזנ-קריצ דעמ מויעכ שפּאלט,
שטאָל-אונ-אײַזנ-רײַבערײַענ,
שטאָל אונ היצ אינ קלעמ מיכ האלט.
ענג אונ טונקל, דורכ די שפּעלטלעכ
זע איכ גאָרניט, אונ ווער רעדט,
אז עס וואַרפט אינ אלע זײַטנ!
פּיצלעכ, ברעקלעכ שײַנ מע זעט!

3—176

שוין אין אָנהייב וואָרפ-געהעצקע
האָב איך שטילערהייט פארלאנגט—
גיכער שוין צום אָרט דערפאָרן!
גיכער שוין ארויס פונ טאנק!
נאָר צום שטאב איז דריַ שאָ ריַיזע!
דריַ שאָ העצקעניש! איר הערט?!
כ׳טו א קוק צום טאנקען-פירער,
רויִק זיצט ער זיך... פארקלערט.

רויִק, זיכער, פעסט, געדולדיק,
ס׳איז דאָך נאָך א יונגער יאט,
איז פונוואנענ אזא קויעך!
איך דערמאָנ זיך אינ פלאקאט,
אינ געבאָט פונ די טאנקיסטנ:
„אויב מוזסט פאלנ אינ געפעכט,
שלעפ מיט זיך א צוואנציק סאָנים —
אנדערש האָסטו ניט קיינ רעכט!"
נאָך א קלאל בא די טאנקיסטנ:
„אויב דיַינ כאווער איז אינ נויט,
איז אפ הילפ גיי אונ באפריַי אים —
ווענ אפילע ס׳דראָט דיר טויט".

* * *

זיַינענ מיר צום שטאב דערפאָרנ,
כ׳בינ ארויס אונ זיך דערזענ:
אויסגעשמירט אונ אויסגעוואלגערט —
מיט מיַינ הויט וואָס איז געשענ!

נאָר דאָס ארט מיך אפ קיינ האָר ניט!
כ׳האָב דערלאנגט, וואָס כ׳האָב פארלאנגט:
כ׳האָב גאקענט זיך מיט טאנקיסטנ
אונ געפאָרנ אינ א טאנק!

## „די ראָד"

1

וועגן איר פּאָרט אין שיפּ פון קיִעוו
שטראָם-אראָפּ, א דריי-פיר שאָ,
און פּארטאָג, נאָך פּאר שאריִען,
זייט איר אפ דער דעק שוין דאָ,
זעט איר דאן: דער טייך צעשפּרייט איז,
ווי א האנט צעשפּרייט מע האלט:
מיט די ריטשקעס ווי די פינגער,
איינגעשטעקט אין טיף פון וואלד.

טייכן-ראכוועס, ראָזער נעפּל
איבער סאָסנע-גרינס שארי'ט,
אפ די זאמדן אומבארירטע —
דינע שנירלעך פויגל-טריט.

גלוסט זיך אייך אזוי דאָ בלייבן,
טוקן זיך ארויס, ארייַן,
און באטרעטן אָט די זאמדן,
און אין יענע שטיבלעך זיין...

טאקע וועגן אָט די קאנטן
וועל איך אייך דערציילן היינט.
ס'א געשיכטע, זאָלט איר וויסן,
וועגן מייַן און אייער פריינט.

ווער עס שאדט אין טיל דעם סוינע —
יענעמס נאָמען בלייבט א סאָד.
האָט מען דאָרט דעם יאט גערופן
מיטן צונאָמען: „די ראָד".

אין דער היים האָט ער געגאָלטן
פאר א שטיפער און א ברען,
אפ א שפיצל ניט געפוילט זיך,
אויך א קלאפ טאָן ווען-ניט-ווען.
מער פון אלע פארגעניגנס
האָט אים דעמלט פרייד געבראכט
לייזן אופגאבעס אין זינען,
אָפליגן אזוי די נאכט,
צוגעמאכט די אויגן, לאָזן
מיט כעזשבוינעס זיך אין שטרייט,
צי אין כאָלעם מיט שאראדעס
יאָגן זיך אפ מיילן ווייט.

ווארט, איך וויל זיין בילד ניט מאָלן,
כ'קען נאָר זאָגן: דרייצן יאָר,
בא די ען-ער פארטיזאנער
איז ער אָנגעלייגט ביז גאָר.
ווי מע לויבט אים, ווי מע שוינט אים,
ווי פאר אים דאָס הארץ טוט וויי,
ווי מע פרייט זיך, ווען דאָס יאטל
קומט פארברענגענע צווישן זיי,
נאָך דער מי דער פארטיזאנסקער,
נאָך דער שווערער, הייסער נאכט,
זיינען פארטיזאנער גליקלעך,
ווען דאָס יאטל שטיפט און לאכט.

אוי, ס'א יאט פון יענע יאטן!
פריילעך ווערט, ווען ער דערשיינט,

נאָר דער ווייטעק אין זײַן הארצן
האָט קיין ברעג ניט, ליבע פרײַנט.
ווײַל פאר אים, פאר זײַנע אויגן
איז דאָס אומגליק אים געשען.
און דאָס אומגליק האָט קיין ברעג ניט,
אין זײַן בליק מע קען עס זען.

זיבן היטלערס מענוואָלים
אָנגעפאלן אפ זײַן היים,
האָבן אומגעבראכט זײַן מאמען
און געלאָזן אים אליין!..

— מאמע טײַערע, אוי, מאמע,
ס'הילכט אין מארך מיר דײַן געשריי,
קיינמאָל וועט זיך ניט פארהיילן
וווּנד פון ווונדן, מאמעס וויי.
מאמע טײַערע, אוי, מאמע,
כ'הער דײַן וויי אין גאנצן לאנד:
„נעמט נעקאָמע, מײַנע קינדער,
רופט דאָס בלוט און מאָנט די שאנד".

ס'האָט דאָס קינד אזוינס געזען,
וואָס קיין גיבער האלט ניט אויס!
וויפל מאָל האָט זיך געריסן
ס'קינדערש הארץ פון ברוסט ארויס,
אין דער ערד א שמיץ זיך געבן
פון צעפלאקערטן פארדראָס:
נו, פארוואָס, פארוואָס פארפײַניקט,
נו, פארוואָס געטייט? פארוואָס?!

3

האָט דער יאט פארלאָזט זײַן דערפל
און געבלאָנקעט איין אליין:
איבער בלאָטעס, איבער וועלדער,
אָן א קאָרעוו, אָן א היים.

אויסגעמיטן וועג און מענטשן,
נאָר מיט וואַלד-שפּײַז זיך גענערט,
הונגעריק און ניט געוואַשן,
אין זײַן וויסטער פּײַן פֿאַרקלערט.

איינמאָל האָט אים שטאַרק דערשראָקן
איינער א באַברילטער מאַן,
האָט געפירט, אַלס באַלעגאָלע,
מאָדנע לײַט אין זײַן געשפּאַן.
פּלוצעם איז דער מאַן פֿאַרשווּנדן,
ווי אַרײַן וואָלט ער אין דר׳ערד,
און אַן אַנדער באַלעגאָלע
האָט געטריבן פֿור-און-פֿערד...

איינמאָל, בא א דאָרף פֿאַרברענטן,
זיצט א ייִדענע און קלאָגט,
הין און הער דעם קאָפּ זי שאָקלט,
פֿון א געלן בלאַט זי זאָגט...
מענטשן לויפֿן פֿונעם אומגליק,
ס׳טוט זי ווער־ניט־ווער א רוף,
ס׳קלייד אין דר׳ערד ווי אײַנגעוואַקסן,
און דעם קאָפּ זי הייבט ניט אויף.
איר געקלאָג דעם מויעך בויערט,
ס׳ברעכט דאָס האַרץ אײַן איר געזאָג...
און פֿון דאַן דעם יאַט אַלץ דאַכט זיך,
אַז די מאַמע זײַנע קלאָגט.

4

איינמאָל איז א נאַכט א העלער
הייבט אָן ברענען אַפּדאָסנײַ,
דורכן וואַלד אַנטלויפֿן מענטשן
פֿון דער דײַטשער קוילערײַ.

אין געלויף און אין מעהומע
שלעפּט א מיידעלע א קליינס

אין א וועגעלע א וויג־קינד
אינעם וואלד, באנאכט, אליין.

ווי דער יאט האָט נאָכגעקוקט איר,
זעט ער, ווי אין שרעק פארדרייט,
ווייסט זי גאָר ניט, אז איר וועגל
אפּ צוריק צום אומגליק גייט.
לויפט ער צו און פרעגט זי אויסעט,
נאָר זי ווייסט ניט, וואָס ער פרעגט.
ס׳בלייכע פּענעמל — אין פאכעד
און אין טרערן אויסגעווייקט.
דרייט ער אויס דאָס וועגל ריכטיק,
ווו צו האלטן זיך ער טײַט,
שטופּט זי ווײַטער און פארדרייט זיך
ווידער צו דער שלעכטער זײַט.
לויפט ער ווידער צו און כאפּט זי,
מאָסטעט זי אין וועגל אײַן,
און ער נעמט זיי פירן ביידע
אין דער טיפּ, אין וואלד ארײַן.
ביז פארטאָג, ביז אײַנגעוויגט זיי,
און צו איינס א דאָרף דערפירט,
בא א פלויט געשטעלט דאָס וועגל
און אוועק און נאָכגעשפּירט
פונדערווײַטנס, און דערוואַרט זיך:
ס׳איז א פרוי פון טיר ארויס,
האָט א פּליעסק געטאָן פארכידעשט
און די צוויי געפירט אין הויז.

5

שפּעטער האָט ער אָנגעטראָפן
א באוואָפנט בינטל לײַט —
האָט ער זיך אין גראָז געוואָרפן,
נאָכגעשפּירט זיי פונדערווײַט.
מאָדנע מענטשן! יונגע, אלטע,

מיט גראנאטעס אפּן פּאס,
איינער מיט א גרויער פּאטלע
האָט דערציילט עפּעס, געשפּאסט
און געבלינצלט מיט די ברילן,
מיטאמאָל — ניטאָ זיי מער!
ערגעץ, ווי אין דר׳ערד פארשוווּנדן,
אז ס׳איז גאָר צו טרעפן שווער.

וואַרט נאָר: אָט דער גרויער ברילניק
איז דאָך יענער, וואָס איז דאָן
ווי א שמייסער אָנגעפּאָרן
און אוועק פון זיין געשפּאן.
און ווי איצט אין וואלד פארשוווּנדן!
ס׳האָט דער יאט אזוי געגאַרט
איינצוקוקן זיך אין מענטשן!
איצטער האָט ער זיך דערוואַרט...

נאָר דער מענטש האָט אים דערזען
און געכאפּט זיך צום באגאַן,
ס׳האָט דער יאט אראָפּגעזעצט זיך
און אין גרינס פארשוווּנדן דאָן.
און קיין רו זיך ניט געפונען:
„מיטן לעבן קוים ארויס...
כ׳האָב געמיינט: דער גרויער ברילניק
איז א גוטער... לאָזט זיך אויס...”

נאָר א צווייט מאָל האָט דער גרויער
אים געכאפּט, צו זיך געבראכט,
אין א שטיבל א פארבאָרגנס,
שטרענג אים א פארהער געמאכט.
פון דערשרעק און פון געפּלעפטקייט
האָט דער יאט געשטאמלט ווילד,
ס׳האָט דער גרויער אין די ברילן
אים ארומגעוואשן מילד.
פון א וואָרט אלץ גלייך פארשטאנען,

וואָס אים אַרט און וואָס אים דריקט,
אַפּ אַ בעט געלייגט אים שלאָפן
און אים פֿאָטערלעך דערקוויקט.

אָט אַזוי האָט זיך באַפֿרײַנדעט
אונדזער יאַט מיט דעם יוריסט,
אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן
זייער כאַווערשאַפֿט באַגריסט.

איצט הייבט אָן דער יאַט ערשט לעבן
ווי אַ מענטש און ווי אַ קינד!
מיט די קוּיכעס פֿון די גרויסע
זײַנען נעקאָמע ער פֿאַרבינדט.

וואָס איז שרעק און וואָס סאַקאַנעס?
איין געזעץ נאָר הערשט פֿון הײַנט:
פֿאַר די ווייטעקן און אוולעס
מוז צעצאָלן זיך דער פֿײַנט!

6

איינמאָל איז דער יאַט פֿאַרשוווּנדן,
איין טאָג, צוויי טעג, דריטער טאָג!
ווערט מען אומרויִק. באַזונדערס
איז דער גרויער מאַן געפּלאָגט.
דאָ קומט איינער שטאַרק צעטראָגן
און דעם גרויען רוימט ער אײַן:
„כ'האָב דעם יאַט, זאָגט ער, געזען
צו דעם דײַטש אין שטאַב אַרײַן".

ווי אַ דונער וואָלט געטראָפֿן!
כאַפּט זיך אויף דער קאָמאַנדיר,
און דער גרויער ווישט די ברילן,
מרוקעט בייז און עקט זיך שיר.
ווי מע רעדט, ווי'זוי אים פּאַקן —
בלײַבן אַלע ווי פֿאַרשטאַרט:

ס'טוט א קלאפּ, און ווער? דאָס יאטל!
שטייט זיך... אופגערעגט ער ווארט.

אלע שוויַיגן, שוויַיגט ער אויכעט —
ריידן גלוסט זיך אים א גוואלד!
ניט א מזיסט איז ער געלאָפן
שפּעט באנאכט צו זיי אין וואלד.
נאָר ער זעט, אפּ אים מע קוקט ניט,
און דער גרויער ווישט די בריל.
ווערט אים שווער, און פּאָרט ער שטארקט זיך,
און צום עלטסטן זאָגט ער שטיל:

„כ'בין ניט שולדיק, מ'האָט געפּאקט מיך,
איך זאָל העלפן זיי אין קיך...
נאָר דאָס מאכט ניט — דאָס וועט נוצן...
כ'מוז קיין גראטש איצט לויפן גיך.
ס'איז ארויס קיין גראטש א שטראָף-טייל —
צוויי און דריַיסיק אין דער צאָל.
מ'וויל דאָס דאָרף אין שלאָף פארברענען,
אלצ פארניכטן מיטאמאָל.
אויב איר שווימט דעם טיַיך אריבער,
טרעפט איר זיי בא דעם פאראָם.
איך דערוויַיל קיין גראטש וועל לויפן —
אונדזערע צו וויסן טאָן".

קוקן אָן דערשטוינט די שוויַיגער
איינס דאָס צווייטע און דעם שנעק,
און דער עלטסטער הייסט דעם גרויען
מיטן יאט קיין גראטש אוועק.

7

גייט דער גרויער מיטן יאטל
אין דער שטיל, מע איילט, מע יאָגט,
בראָד דעם טײַך מע איז אריבער
און דערגרייכט און אָנגעזאָגט.

און דערווײַל האָט אונדזער יאטל
פארן גרויען אלץ פארטײַטשט:
מ׳האָט געכאפּט אים וואסער טראָגן
פאר דער שטאב-קיך, פארן דײַטש,
העלפן דאָרט קארטאָפליעס שיילן,
נו, איז רעדט מען אין דער קיך,
פונעם ריידן, פונעם ווינקען
קען מען פיל דערוויסן זיך...

ביידע איילן אפּ צוריקוועגס,
אין דער זײַט צו דעם פאראָם.
דורך די אומוועגן און ריוועס
צו די פרײַנט זיי קומען אָן.
פארמאסקירט די קעמפער ליגן,
מע דערווארט דעם סוינעס טייל,
צווישן קאָמאנדיר און גרויען
לייגט דער יאט זיך און דערציילט:

„ס׳איז מינירט ארום דאָס שטעטל,
נאָר איך ווייס נאָך ניט דאָס אָרט".
קוקט ניט צו דעם יאט דער עלטסטער,
שטיל נאָר ווענדט צו אים זײַן וואָרט:

„איז די ערטער גיך דערוויס זיך...
זע, געהיט זײַ..." — „כ׳בין געהיט,
כ׳וויס נאָר שיילן די קארטאָפליעס,
ווײַטער ווייס איך גאָרנישט ניט".

„גיי און מאָרגן קום מיט נײַסן".
„כ'וויל מיט אײַך דאָ בלײַבן הײַנט..."
„גיי, וועסט זײַן ניט אויסגעשלאָפן".
„אויסגעשלאָפן וועל איך זײַן!"
„ניין, דו טאָרסט דאָ איצט ניט בלײַבן,
איך באַפעל דיר: גיי און קום".
ס'הייסט דער עלטסטער, און דער גרויער
נעמט אים שעפּטשענדיק אַרום:

„זיץ אין שטאַב... ביסט אונדזער שטאַבמאַן...
ציל און ריכטונג ווײַז אונדז אָן...
אויפהערן — איז אונדזער זאַך שוין,
דאָס וועט ווערן אָפּגעטאָן..."

אופגעשטאַנען איז דאָס יאַטל,
שווער אַ זיפץ געטאָן און גייט,
און אין גיין עס ווערט אים גרינגער,
פון די פרײַנט ער טראַכט מיט פרייד.

אָט... ער הערט שוין, ווי זיי שיסן,
ער דערהערט דעם פײַנט, וואָס ברילט.
מאָרגן וועט ער זען די דײַטשן
אויסגעפּאַטשטע! ס'האַרץ זיך קילט!

מאָרגן אין דער שטאַב־קיך וועט ער
שיילן בולבעס, הערן רייד —
אויסטאַפּן דעם סוינעס פּלענער,
דעמלט — מאַרש! אין וואַלד ער גייט!

אָנגעשטרענגט זײַן מויעך אַרבעט
צו באַנעמען זייער שפּראַך,
זייער מערדער-פּלאַן צו טרעפן —
אויג-און-אויער האַלט ער וואַך.
אָט אַזוי, אַ לעמל שפּילן...
אָפּן האַס — אַ שלאָס פאַרוקט,
רויִק אינעם סוינעס פּאַרצעף
זײַן געפּרוּווטער בליק סע קוקט.

8

הויכע לײַט זײַנען געקומען,
פֿונעם הויפּט-שטאַב מינאַסטאַם,
ווײַזן זיך די אָפּיצערן
אַף אַ ראַט צום אויבערמאַן,
גרייט די קיך אַ שלאַל געריכטן,
און דער יאַט האָט פֿיל צו טאָן.
און אין האַרץ ער ברענט פֿון אומרו:
גוואַלד — אין וואַלד ווי זאָגט מען אָן?!
וואָס געפֿינט מען פֿאַר אַ טערעץ
אַף אַוועקגיין, און — צוריק?
פֿול דאָס הויז מיט אָפּיצערן,
זעלטן טרעפֿט זיך אַזאַ גליק!

אָפּקאָכן די האַנט מיט זודיקס,
טראַכט דער יאַט זיך, דאָס וועט גיין.
אומגערן אַ טאָפּ אַ קער טאָן —
וועט מען אָפּלאָזן אַהיים.

אָט, אַ שטופּ געטאָן דעם קעסל
און זיך אָפּגעקאָכט — אַ שרעק.
קלעפּ באַקומען פֿונעם קעכער —
נאָר אים ניט דערלויבט אַוועק.
האָט דער יאַט די ליפּ פֿאַרביסן,
שיר קראַפּירט פֿון שמאַרץ אין האַס,
שטייט און אַרבעט, דאָ דערזעט ער
מיטאַמאָל דעם וואַסער-פֿאַס.

גיך אַ דריי געטאָן זיך דאָרטן
און צוריק צום אַרבעט-אָרט,
אַרבעט, פֿיבערט, ווי אין כאָלעם
הערט ער, שטיל עס גיסט זיך דאָרט.

פּלוצעם טוט אַ היכץ דער קעכער,
אַז דאָס גאַנץ געפֿעס צעשאַלט:

„זע, פון פאס ארויס דאָס וואסער!..
עי דאָרט! פאָר, ברענג וואסער באלד!..״

ס׳יאטל מאכט זיך טאמעוואטע,
נאָר אינ הויף — דאָרט לעבט ער אופ.
שפאנט א פערד אונ יאָגט צום טײַכל —
נאָר פארדרייט צום וואלד ארופ.
גיך בינדט צו צום בוים דאָס פערדל
אונ שוואליאָם צום שטאב לויפט צו —
טרעפט ער אָבער נאָר דעם וואכמאנ.
„הער, דער טייל, דער טייל איז ווו?!״

פאלט ער שיר ניט פונ פארצווייפלונג,
שרעק באשלאָגט אים אונ געוויינ:
„הער, דאָרט זײַנענ געסט געקומענ...
איך בינ איינער, איינ אליינ!..״

אונ ער שפרינגט אוועק צום פערדל,
יאָגט צום טײַך אונ שעפט אָנ גיך
פול דאָס פעכל, יאָגט צוריקוועגס,
ווידער איז ער שוינ אינ קיך.
„שטארק זיך, — זאָגט ער זיך, — באשווער זיך
טאָנ אפ אייגענעם באראָט״...
פלענער קומענ אונ פארזינקענ,
טראָגנ זיך אינ אים בעסאָד!

אויב ער העלפט נאָר באם דערלאנגענ —
וועט מענ עפעס קאָנענ טאָנ,
איינ באדינג נאָר: האנדלענ רויִק...
ווי א גרויסער גיינ אינ קאָנ...
אויב מע רופט אים ניט, איז מוז ער
שטיל זיך לאָזנ דורכנ דאך
אינעם סקלאד, א מינע פאקנ,
שטיל פארבײַקריכנ די וואך...

ענדלעך האָט מען אים גערופן
העלפן טראָגן שפּײַז די געסט,
זיי באמערקן קוים דאָס יאַטל,
אין גערייד פאַרטאָן, אין פּרעס.
קוקט ער אויס געהיט דאָס צימער,
א גראַנאַטן-פּאַק דערזעט.
ווען ער גייט צוריק, פאַרכאַפּט ער
צוויי אונטערן שפּײַזן-ברעט.

מיטן שפּײַזן-ברעט פאַרשטעלט זיי,
אינעם פאָרהויז זיי באהאַלט,
וואָס וועט זײַן, אז אויב ער קען ניט...
צי מע שטערט?.. צי שרעק באַפאַלט?..
ווי א בליץ אַרויס פון צימער
און באַם פענצטער זיך א שטעל,
ער פאַרהייבט די צוויי גראַנאַטעס
און מיט קראַפט אַהין א טשמעל!

אופגעדונערט האָט דער אופרײַס,
שטיקער פאַלן פון די געסט.
אלע וואַכן לויפן אָנעט,
און מע האַלט דאָס יאַטל פעסט.
קלעפּ מע שטעקט אים און מע מונטערט:
„ווער, זאָג, ווער האָט דיך געשיקט?"
נאָר ער שווײַגט, אין זיך פאַרטראָגן,
און א גרויסע פרייד אים שטיקט.

נאָר דערווײַל, די פּאַרטיזאַנער
דאָס דערהערט און אָנגעיאָגט:
די דערשראָקענע דײַטשוקעס
אומראַכמאָנעסדיק מע שלאָגט!

און דער יאַט, האַלב-טויט, פּאַרפּײַניקט,
אין געשווילעכץ ברענט זײַן בליק,
אַף די הענט אים טראָגט דער עלטסטער
צו דעם האַרצן צוגעדריקט.
און דער גרויער מיט די ברילן,
דער יוריסט, איז לעבן אים.
„ער וועט לעבן" — רוימט דער גרויער...
„דו וועסט לעבן!" — שאַלט זײַן שטים...

* * *

טײַער קינד, דו, טרײַער כאַווער,
ווײַס, דײַן בײַשפּיל פאַר אונדז שײַנט!
אַלע גרויסע, אַלע קינדער
זײַנען דײַנע בעסטע פרײַנט.

אַלע גוטע מאַמעס טוליען
דיך צו זיך מיט ליבשאַפט לינד.
און דער בעסטער פון די בעסטע
דריקט צום האַרץ דיך, ווי זײַן קינד!..





# א מײַסע מיט א באבצי

## האָדל די באבצי

אמאָל איז געווען האָדל די באבע,
האָט זי געהאט צען הינדעלעך ראבע,
פלעגט זי שטענדיק פארגעסן
די הינדעלעך צו געבן עסן,
האָבן זיי אָנגעהויבן
בלאָנקען אפ די וועגן
און אופגעהערט דער באבצין
אייעלעך לייגן.
נאָר לייגן ערגעץ אפ די וועגן.

— הינדעלע,
לייג אין דער היים אן איי!
— גיי דיר ווײַטער, באבצי, גיי!
— הינדע, כ׳וועל דיר די פעדערן פליקן!
— גיב אונדז קערעלעך פיקן.

— וועסט קריגן דײַן לוין!
— איך גיב ניט און שוין...

געמוזט האָט די באבצי געבנ דאָס וואָרט:
מער ניט פארגעסנ
רופנ די הינדעלעכ עסנ.
אלע פארנאכט אונ אינדערפרי
שרייט די באבצי אפנ קאָל:
—טיו-טיו-טיו!..
קום, טרייפענער האלדז!
קישקע אָנ דנאָ,
נא, שטעלט מיכ בדיל-האדאל!
אונ טוט די הינדלעכ א שמיצ
א הייפעלע גריצ.

דעמלט ווערט שאָלעמ בא זיי:
די באבצי גיט קערנער,
די הונ — דאָס איי.

מיילע.
האָט אָבער א סאָלדאטיק
דער באבע געבראכט
פונ דער וויטער מילכאָמע,
פונ אונטער דער שלאכט —
אייניקלעכ דריי:
פריידל, ניאָמע אונ מיי.
קינדער קליינע, קינדער שטילע,
פלעג אָבער די באבע אפילע
אירע אייניקלעכ פארגעסנ
צו רופנ עסנ!

זיינע די קליינע געזעסנ,
געשוויגנ אזוי לאנג,
ביז פריידל האָט אופגענעבנ א געדאנק:
אָפזוכנ די באבצי בליומצי
אינ וואלד באמ וויהאָנ.
די באבצי בליומצי, זאָגט מענ,
איז א גוטע...
אונ אזוי האָבנ די קינדערלעכ געטאָנ.

## די באבצי שעלט, און דער זיידע
## לייגט איין פאר איר די וועלט

אמאָל איז געווען האָדל די באבע
און דאָדל דער זיידע.

אוי, די באבצי האָדל!
פון שפינוועבס מאכט זי שטרודל,
ציקאָריע פון קאבאק,
קאָטלעטן — פון א זאק,
פון שאָלעכץ — מאיאָנעז.
פון קעבעבע — קעז.
וואָלט אזא מין באבצי האָדל
ניט געווען אזוי־אָ בייז,
איז זי פעסט די גרעסטע בעריע,
פונעם גרעסטן, נו, איך ווייס?..

נאָר ווען באבצי האָדל שעלט,
ווען די קלאָלעס לאָזט ארויס,
לעשט דער פייער־פלאם זיך אויס,
שפרינגט ארויס די יויך פון טאָפּ,
און פון קוילעטשן די פלעכטלעך
רוקן אלע זיך אראָפּ!

כאָטש דער גוטער זיידע דאָדל
מאכט זיך טאמעוואטע גלאט,
נאָר ער שטייט שוין אָנגעדראָדלט,
און ער ציטערט ווי א בלאט!
אָט־אָ־אָט און ער צעשיט זיך,
ווי א זשמעניע דריבנע ניס,
נאָר ער האלט זיך, און ער היט זיך,
און ער בייט נאָר אָפּט די פיס.

טוט פון שרעק די הון א קריי:
„אוי א באבצי!"

זאָגט דער זיידע: „גיי שוין, גיי...״
און ער בעט זיך און ער שווערט זיך:
„זי איז גאָר ניט אזוי שלעכט,
ווי זי מאכט זיך, ווי סע הערט זיך,
ווי זי בייזע פּיסקעס ברעכט.
נו, מיר לעבן בא דער מיל,
בא דעם רעדער־ראַש דעם שווערן!
זאָל די באבצי ריידן שטיל —
ווי זשע וועט מען זי דערהערן?..
לעבן לעבט מען בא דער מיל,
בא דער נאכט איז אזוי שטיל,
אז סע טוט קיין שאָרך ארום, —
ווי זשע זאָל זי ניט א שעלט טאָן —
מ׳איז דאָך, דאנקען גאָט, ניט שטום!״

אָט אזוי פּאר באבצי האָדל
שטעלט זיך איין דער זיידע דאָדל,
ווייל ער קען זי און פארשטייט זי,
ווייסט, וואָס היילט זי און דערפרייט זי,
איר רעפּוּע וואקסט אין וואלד,
גייט נאָך איר דער זיידע באלד:
דאָס זיינען די קליינינקלעך —
טאקע יענע איינינקלעך!

## אין באבצי בלומצים הויז קוקט זיך
## דער זיידע די אויגן אויס

נאָכן צווייטן בריקל,
נאָכן דריטן פּניאָק
שטייט אינמיטן גריץ —
א גוילעם אין א זאַק.
נאָכדעם לויפןביימער:
גרינע, געלע, ברוינע,
אויסגעמישטער וואלד —

אזעלכע מיט אזוינע.
איילט דער זיידע דאָדל,
טראָגט פאָרויס דעם קאָפּ,
נאָר די קורצע גייערס
שטייען בא אים אָפּ.
אָט איז ער געקומענ
צו די גרויסע דעמבעס,
וואָס מיט גראָבע שטאמענ,
וואָס מיט שטארקע געמבעס.

אפּ א דעמב אזא מינ
וואקסט א גרויסער שוואָמ,
ניינ. ס'איז גאָר א הייזקע
צוגעקלעפּט צומ שטאמ.
אפּ דער דעמבנ-דלאָניע,
אינ דער הייכ געהויבנ,
קענסט נאָר אפּנ לייטער
זיכ אהינ דערקלויבנ.
טוט זיכ אפּנ לייטער
זיידעצי א הייב,
קרעכצט דער דעמב, די הייזקע
בליאסקעט מיט איר שויב.

„ט'העלפ דיר, באבצי בליומצי!"
„ט'יאָר דיר, זיידע דאָדע!"
„וואָס מאכט באבצי בליומצי?"
„דאנק... אונ באבצי האָדע?"

„אוי-אוי-אוי, אָכ-אָכ-אָכ!
נאָכ די קינדער בענקט...
גיי, זאָגט זי, די אייניקלעכ
פונ באבע בליומע ברענג..."

„אוי-אוי-אוי, אָכ-אָכ-אָכ! —
זאָגט די באבע בליומע —

כאַפּ דעם ווינט אין זאַק אַרײַן...
זיצ! זיי דאַרפן קומען..."

זעצט דער זיידע זיך דערווײַל,
ווי מע שמו'סט זיך שטילע,
איז די באַבצי אים מעכאַבעד
מיט אַ שיסל דריליע,
מיט אַ וואַרעמען מאַלײַ,
און צוויי קעזניקעס דערבײַ.
עסט דער זיידע, שווײַגט און קוקט,
ווי די באַבצי טעפּלעך רוקט,
ווי סע רירן זיך געשירן
און סע העלפן איר מאַכשירים,
ווי די גוטע פרײַנט.

קאָכערס זינגען,
פלאַמען שפּרינגען,
לעפל קלינגען,
הײַנט דער טאַנץ
פון די ראָהאַטשן,
און די טעפּלעך
מיט די דעקלעך
בראַוואָ פּאַטשן.

אָבער שענער נאָך זעט אויס,
ווי די באַבצי פּוטער שטויסט:
אופּ און אָפּ, אופּ און אָפּ
גייט באַ איר אין פּוטער־טאָפּ,
וואַקסט דאָס פּוטער־טייגל אויס,
קומט פון פּעטער באָד אַרויס.
ברענגט די באַבצי בלעטער,
גרינע, פונעם דעמב,
הילט אַרום די פּוטער
אין דעם גרינעם העמד.

אויסגעשלאָגנ, שוויציק,
שמעקנדיק אונ פריש —
אָטעמט אָפּ צופרידנ
די פּוטער אפנ טיש.

## ניט די אייניקלעכ געקומענ,
## נאָר א בעזעמל באקומענ

ווי דער זיידע דאָדל
זיצט אזוי אונ קוקט,
הערט ער א געדודער
פונעם וואלד זיכ רוקט.

זעט ער אינעם שײַבל:
די קינדער קומענ אָנ,
מיט שוועמלעכ אונ מיט בלימלעכ,
מיט יאגעדעס פארטאָנ.

אלע דרײַ פארשווינדלעכ
שפּילנ גאָר א פּראכט:
אפּ פּיצימאָנקע פּײַפעלעכ,
וואָס אליינ געמאכט.
פונ קערעלעכ, פונ רערעלעכ,
פונ בלעזולעכ אונ פונ קעמלעכ,
שפּילט מענ, טאנצנ קײשלעכ צו
מיט בלימלעכ אונ מיט שוועמלעכ.

ווי די טרעפּ מע לויפט ארופ,
שטעלט זיכ זיידע דאָדל אופ,
קרעכצט אונ הוסטלט, זוכט דעם טאָנ --
גאָטעניו, ווי הייבט מענ אָנ?!
הייבט ער אָנ די באָרד צו גלעטנ
אונ אזוי די קינדער בעטנ:

„באבצי האָדל לאָזט אײַך גריסן,
באבצי האָדל לאָזט אײַך וויסן,
באבצי האָדל, באבצי האָדל...
פון קאבאקעס מאכט זי שטרודל...
באבצי האָדל, זיידע דאָדל,
האָדל־דאָדל, דאָדל־האָדל...
קומט מיט מיר — וואָס איז שײַ׳כ...
באבצי האָדל ווארט אפ אײַך!..״

ווארפן זיך די אייניקלעך,
גלײַך מע רײַסט מיט גוואלד,
אין דער באבעס פארטעך
מע כאפּט זיך אָן, מע האלט:

צו דער באבצי האָדל
וויל מען גאָר נישט גיין!
צו דער באבצי האָדל —
ניין און איינמאָל ניין!..

און נאָך איידער דאָדל
נעמט זיך בא דער באָרד,
מיינט עפּעס צו זאָגן —
איז שוין פוסט דאָס אָרט!

גיך אראָפּ די שטאפּלען
אלע מיט איין שטויס —
און די כעוורע אייניקלעך
ווערן ניט און אויס...

טרייסט די באבצי בליומצי,
טרייסט דעם זיידע דאָדל,
גיט אים מיט מאַטאָנעס:
קרײַטעכצער און שטרודל.

און פון דעמבן־צווײַגלעך
שמעקנדיק א פּראכט,

פאר דער באָד א בעזעמל
האָט זי אים געמאכט.

אפּן אָרט פון אייניקלעך
טראָגט ער עס אהיים,—
דאָס גוטע שוויצבאָד-בעזעמל,
וואָס איז מאָלע-כ־ין!

אז די באבע האָדל
האָט דערפון דערהערט,
האָט זיך פון פארדראָס איר
דער טאָפּ איבערגעקערט.
האָט זיך פון פארדראָס איר
אופגעשטעלט א טשוב,
זי כאפּט דאָס שוויצבאָד-בעזעמל
און בראָקט עס איין אין זופּ!

## ליב אײַך מיטן גאסט

האָט איינמאָל האָדל די באבצי
זיך געזעצט פאר דער שטוב
און זיך פארטראכט,
א ביטערן כעזשבן געמאכט:

די אייניקלעך שפּרינגען ארום אין וואלד
בא דער באבצי בליומען,
און ווילן צו מיר ניט קומען...
און דער זיידע —
נאָך א בעזעם פאר דער באָד
גייט אויך אין וואלד אריין! —

אוי, איז מיר אפּ זיך א שאָד!
יואָס וועט פון מיר זײַן!
אז קיינער שמעקט שוין אין מײַן שטוב ניט אריין!

אזוי, די אויגן צוגעמאכט,
האָט די באבצי זיך פארטראכט
זייער, זייער...
און ווען זיי אופגעעפנט,
מיטאמאָל דערזען —
סע גייט צו איר א רויטארמייער!
גלײַך אהער,
גלײַך צו איר!
האָט אזש די באבצי זיך פון אָרט געטאָן א ריר...

קוקן קוקט ער אף איר פריילעך,
גייט פאמעלעך,
און אזוי א קאפעלע האָקט ער,
ניט קיין ביקס,
נאָר א שטעקעלע טראָגט ער.

— געשעצטע באבעלע, — זאָגט ער, —
ווײַזט מיר, איך בעט,
וווּ איז דער וועג קיין מאלי־גראָזי?

ענטפערט די באבצי
און טוט א טראכט:
„מיסטאמ פון לאזארעט
דער סאָלדאטיק,
עפשער אים בעטן, דעם סאָלדאטיק,
איבערצוזײַן בא אונדז די נאכט?“

א וואָרט פאר א וואָרט —
וועגן פײַנט,
וועגן וווּנד,
וועגן ווערן געזונט,
וועגן ווײַטער זיך שלאָגן
ביז דעם פײַנט נײַן איילן אין דר׳ערד פאריאָגן,
און די באבצי האָט בא זיך באשלאָסן

איר גוטסקײַט אים באװײַזן.
אים אינגאנצן בא זיך לאָזן!
קעכלען אים און שפּײַזן,
און טאקע ניט אופצוהערן —
ביז אינגאנצן געזונט
װעט ער איר װערן!..

און דער גאסט, פון איר גוטסקײַט
און גאסטפרײַנטשאפט גערירט,
איז טאקע בא איר
א שטיק פון זײַן אורלויב געבליבן.

פון פרייד האָט דער זיידע
די הענט זיך געריבן:
סטײַטש!
טראָלדעס פלעגט די באבצי טראָגן,
דרײַצן שמאטעס גאָר געמיין,
ס׳ארא שטויב, אן אמוד-אָנאָגן
פלעגט זי אופהייבן באם גיין!
איצטער — איז זי ריין און שיין —
סע שײַנט דער באבציס פּאָנעם!

די באבצי באקט,
דאָס פײַער קנאקט,
די אייער-קיכלעך בלאָזן זיך.
אין טאנץ די טייגלעך לאָזן זיך.
און אלץ — אין שמאלץ,
און װײַסע זאלץ,
אין װאסער סאמע לויטערער!
און נאָך מער װונדער —
די אייניקלעך האָבן זיך דערפון דערװוּסט
האָט זיך זיי אזוי פארגלוסט
צו האָדל דער באבצי!
אָט כאפּן זיי

אונ קומענ צו איר, די קליינע:
„אוי, באבצי האָדל! אוי, זיידע דאָדל!
אוי, ליב אײַך מיט אײַער גאסט!
לאָמיר ווינענ אלע איינײנעמ!"

די באבצי טיפ אנ אָטעמ טוט:
„נו... איר וועט אוואדע ניט זײַנ צו לאסט..."
אונ דער זיידע:
„די מישפּאָכע ווערט אונדז גרעסער"...

איז דער באבצינ גוט
אונ דעמ זיידנ נאָכ בעסער.
אונ יעדער הינדל
לייגט איצט אלע טאָג אנ איי,
ווי אנ עמעסער הונ פּאסט:

פאר דער באבצי האָדע,
פארנ זיידע דאָדע,
פאר אלע דרײַ אייניקלעכ,
פארנ גאסט!



# אינהאלט

## די רייד פונעם אומאנער מיידל מאלקע דודניק



## איבערן הימלאנד

## כ׳ווייס אַ סאָד

## די מייַסע מיט א באבצי



Сдано в производство 25/III-46 г. Подписано к печати 10/II-47 г. А—00155.
Печ. л. 12,5. Уч. изд. лист. 6,16. Печ. знаков в листе 30.000. Тираж 6.000.
Заказ № 176. Цена 6 р. 50 к.

13-я типография треста „Полиграфкнига" ОГИЗа при Совете Министров СССР,
Москва, Денисовский, 30.